

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

66

רעדאַקטאָר:
מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:
אבֿרהם מיטלבערג

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

ח י י ם   ג ר א ד ע

# טויין פון פארלאשענע שטערן

## לידער און פאָעמען



ארויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
"Año del Libertador General San Martín"
בוענאָס־איירעס, 1950

IMPRESO EN ARGENTINA
PRINTED IN ARGENTINE



**CHAIM GRADE**

# "Shain fun farloshene shtern"

(FULGOR DE ASTROS EXTINGUIDOS)

הילע געצייכנט דורך בען

Editado por la

**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
**Buenos Aires**

---

Se terminó de imprimir el día 8 de julio de 1950, Año del Libertador General San Martín, en los Talleres Gráficos de Julio Kaufman, Corrientes 1976, Buenos Aires, República Argentina.

# אינהאַלט:

## יידישע שטעטלעך פון פוילן:



## קעלץ:



## די יורשים פון געטאָ:

# יידישע שטעטלעך פון פוילן

## א

יידישע שטעטלעך פון פוילן, זייט איר דען געווען בלויז פון שטרוי
און פון מאָך,
אַז געקענט האָט דער ווינט אַן אַ שפור אייך פאַרטראָגן?
מיין אָרעמער שבת, מיין הייליק פאַרדבקהטע וואָך,
האָט איר ניט געלאָזן קיין יורש, און קדיש נאָך אייך וועט דער
קלויסטער-גלאָק זאָגן?

געווען איז דער גורל געחתמעט אויף אייערע בלייכע געזיכטער,
כאָטש איר פלעגט פאַרייסן די קעפּ צו דעם הימל, ווי איר וואָלט
דאָ טורעמס געבויט — — —
אייך האָבן ביים דאַוונען געלויכטן די אייגענע הענט ווי ניט-
דאַיקע ליכטער,
איר האָט מיט די פינגער פאַרשטעלט זיך פון טויט.
דעם גזר וואָס עס האָט גאָט אַליין אויף זיין מויל ניט געבראַכט,
האָט ער אין דעם אומרו פון אייערע אויגן פאַרשטעמפּלט,
פון שרעק ניט פאַרשטאַנענע האָט איר געצאַפּלט ביינאַכט,
און ווי נאָך אַ רוף אַ געהיימען, אַרויסגיין פלעגט איר ביי דער
טיר מיט אַ לעמפּל,

ווי איר וואָלט דערוואַרט אַז אַן אורח זאָל קומען —
מיט קפיצת הדרך זאָל קומען צו אייך דער בעל שם,
נאָר הערן פֿלעגט איר ביידערנאַכט בלויז דאָס פֿינצטערע שטומען
פֿון שטיין, ווי עס וואָלט אַ בעל־חי זיך געוואָרגן אין שטיינערנעם
קלעם.

זיידעס געפּרוווטע, אין אייערע זקנישע קאַרבן
פֿלעגט איר די זאָרגן פֿון אייערע יאָרן באַהאַלטן,
אַז איך, אייער אייניקל, זאָל אייער ווייטיק ניט אַרבן,
נאָר אייער בליק דעם צעשטראַלטן.
דער טרויער האָט נאָכגעשלייכט זיך הינטער אייך ווי אַ שאָטן,
די שוועלן פֿון אייערע שטיבער פֿאַרשטעלט אונטער זיך
האָבן — תהומען.
פֿאַרקויפֿט האָט איר הערינג די פּויערים, נאָר די צען סיני־געבאָטן
האָבן געלויכטן אויף אייערע קראָמען.

טאַטעס פֿאַרחלומטע, אייערע סטרוניקע בערד
זיינען אַצינדער דער האַרבסטיקער שפּינוועבס וואָס הענגט אין
דעם אוויר —
זיי הענגען, די בערד און די פּאות, אויף ווערבעס צעקרימטע
אויף פּוילישער ערד,
אַזוי ווי די האַרפֿעס ביים טייך־ברעג פֿון בבל, פֿאַרשטומט און
פֿאַרזשאַווערט.

## ב

דער אויטאָבוס איילט זיך, ווי ער וואָלט דערפילט אין דער נאָנט
שוין די חרובע וואַרשע,
וואָס אָטעמט נאָך אַלץ מיט גרוים-שטאָטישער אומרו... און
פּריילעכער ווערן די פּאָרער,
מען גלעט זיך די וואָנסעס, עס האָבן די בירגער די גאווה די
פּאַנסקע געירשנט
פון פּריצים. מען קוועלט: ס'איז געראָטן דער ווייץ און דער טאָג
איז אַ קלאָרער.
נאָר ווען מען פאַרקערעוועט האַסטיק דורך וועלדער געדיכטע,
באַווייזן זיך דעמאָלט אויף שמאַלציקע פּנימער שמייכלען געהיימע,
מען ווארט, אַז די „וואלד-ברידער" זאָלן פון וואלד טאָן אַ
שפּרונג אומגעריכטע,
דערקענען מען וועט שוין דעם ייד נאָך די אויגן פול אימה...

אין סאָכאַטשאָוו שטעלט מען זיך אָפּ, צו אַ שענק די מאַשין
איז דערפאָרן,
און די פּאַסאַזשירן באַלאַגערן הונגעריק, לוסטיק דעם טיש,
און זיך צו דערמאָנען אַמאָליקע יידישע יאָרן,

מען בעט ביי דעם שענקער געפעפערטע יידישע פיש.
מען נעמט אַ טרונק בראַנפן און פרייד אין די אויגאַנעס פינקלט,
וואָס ס׳זיינען ניטאָ מער קיין סוחרים קיין בערדיקע ביי די
געשטעלן,
דער מאַרק־פּלאַץ איז אויך ווי אַ פּויערשער פּנים מיט זון־פלעקן
געל דורכגעשפּרינקלט,
און פליישיקע פויערטעס שטייען אויף איבערגעצלמטע שוועלן.

דער מאַרק־פּלאַץ מיט הענדלער און דאָרפישע וועגענער פול איז,
נאָך בונטער, פאַרשמייעטער ליאַרעמען איצט די יאַרידן,
ביי יעזוס דעם שטיינערנעם קניען די דאָרפישע בתולות,
ווי זיי וואָלטן אָפּגעדאַנקט אים וואָס עס זיינען ניטאָ מער קיין יידן.

אַ וואַסער־פאַרפּלייץ וואָס פאַלט אָפּ לאָזט סימנים מער איבער
ווי ס׳האָט אונדזער ישוב דאָ איבערגעלאָזן,
בלויז איך זע אויף גאַניקעס פון די פאַרנומענע שטיבער —
פאַרסודעטע שאָטנס מיט בערד און מיט פּיאות וואָס שרייען
אין שטורעם צעבלאָזן.

צופרידענע גייען די שררות אַרויס פון דעם שענקל,
און ציען זיך אויס בהרחבהדיק אויף די גאַזעסן,
דער אויטאָבוס רייסט זיך אַוועק מיט געפּילדער. דער פּאָליאַק
צעלייגט אויפן בענקל
אין דרימל, פילט ווידער דעם טעם פון דעם יידישן מאכל וואָס
ער האָט געגעסן.

נאָר איך קוק אַרויס דורך דעם פענצטער ווי איך וואָלט געריכט
זיך, אַז באַלד וועט אַ שפּרונג טאָן

א יידישער שוסטער, און ווי מיט א טויט-שווארצער פאן,
א פאך טאן וועט ער מיט א שטיוול וואס איז אויף זיין האנט
אנגעטאן,
און מיט א צעצויגענעם ביטערן ניגון א זונג טאן:
„קויפט ביי מיר שטיוול!" ארוים וועלן מיט א געלעכטער די
פריצים:
„ער וויים נאך נים, יאנקל, אז ער איז שוין טוים."
די בלאטע פון אונטער די רעדער וועט טאן א באשפריץ אים,
ווי ער וואלט געווען ביי דער זיים פון דעם וועג א
צעבראכענער פלוים.

ג

יידישע שטעטלעך פון פוילן, געלויכטן האָט איר אין מיין האַרץ
און זכרון,
אַזוי ווי מיר האָבן אין חומש געשיינט די מקומות אין הייליקן לאַנד,
מיין קינד־צייט איז באַרוועס אַריבער מיין היים־טייך און ער
איז מיין ירדן געוואָרן,
דערפאַר איז אַצינדער אַ חרובער כותל־מערבי מיין איטלעכע
וואַנט.
אַזוי ווי אַמאָל פון בית־לחם, גייט אויף אין די נעכט אַ
געיאָמער פון קראָקע.
לובלין, דו האָסט אַלץ נאָך געחזרט די תורה פון יבנה,
און דו ביסט געוועזן אין אַלע תוספתאָס אַ בקי —
ווער וועט אין דיינע ישיבות איצט לערנען און דאַווענען?

איר גוטע אמהות פון עברי־טייטש, רחל ולאה פון תחינה,
געזעסן זייט איר אויף די גאַניקעס צווישן די ווייבער פון שטעטל.
מלאכים, באַגלייטער פון יעקבן, ווו וועט איר אַפּרו געפינען?
איר זייט איצט פאַראָרעמטע אורחים, פאַרמשפּט אויף בעטל.

און איר מיינע אבות פון כנען, פארהיימישט אין שטוב ביי
דעם פאכטער,
איר זייט צווישן שענקער און פויערים שיכורע ווי א מחיצה
געשטאנען,
דער וועג צו דעם הימל צוריק איז פאר אייך א פארמאכטער;
ווייל איר פלעגט אין אונדזערע בגדים אין אונדזערע געסעלעך
שפאנען,
דערקענט אייך דער הימל ניט מער... און איר קוקט נאך דערשראקן
פון הינטער א פלויט א געפאלענעם, פון א צעוואלגערטן טויער,
ווי נאכגעקוקט וואלט א פארפרומטער קליינשטעטלשער זקן,
וואס שטייט אויף פון שלאף אין א שבת ביימאג און דערזעט
אז די וועלט גייט קאפויער — — —

נאר ניט קיין געזעלן מיט מיידלעך ביים טייך-ברעג שפאצירן,
און אויך ניט קיין אויטאבוס פארט דורך דאס שטעטל אום שבת —
ערלים גאר זיצן ווי שטאט-באלעבאטים ביי יידישע טירן.
ארונטערגעריסן זיי האבן פון קראמען די שטאבעס,
די ספרים צעפליקט, און די הילצערנע שולן צעבראכן,
און וואס עס איז איבערגעבליבן, פארשלעפט אין די וועלפישע
נארעס,
זיי האנדלען מיט יידיש פארמעגן — און ניט מיט בטחון,
אזוי ווי אמאל אויף די יאר-מערק דער רבי לייב שרהס.

## ד

יידישע שטעטלעך פון פוילן, איך האָב זיך פון אייער פאַרמעגן
וואָס ס'האָט אייער שכן צערויבט — אָפּגעזאָגט שוין,
איך האָב אייער אומקום מיט גליאיקע טרערן באַקלאָגט שוין,
נאָר איך וועל באַשטענדיק אייך נאָכגיין, פאַרשווונדענע שאָטנס,
און פרעגן:
פאַרוואָס האָט איר אויך אייער יום־טוב דעם גלות פאַרטרויט,
און פוילישע שטעטלעך ווי טייערע שטיינער פאַרוועבט אין
דעם כתר
פון תורה? פאַרוואָס האָט איר, בלינד פון בטחון, געבויט
דעם היכל פון חסידות אַנטקעגן די פירשטלעכע שלעסער?
פאַרוואָס האָט איר, ברידער, דעם פרדס פון חכמה געפלאַנצט
אין חלל, אויף גרינע געהויקערטע דעכער פון קלויזן?
פאַרוואָס האָט איר, חסידים, אויף גויישע לאָנקעס פאַרדבהקעט
געטאַנצט,
און געבעטן די שכינה דאָ הויזן?

עס פלעגן געלאַסענע סופרים מזוזות אויף פאַרמעטן שרייבן
מיט גענדזענע פעדערם און גאָלישן טינט,

און מיר פלעגן אַנקלאַפּן זיי אויף די טירן, אַ סגולה מען זאָל
אונדז פון לאַנד ניט פאַרטרייבן,
געברומט האָט אין אונדזער נגינה דער היימישער ווינט.

מיר האָבן אויף פעלדער געפלאָכטן זיך גלייך ווי אַ גילדענע קייט,
און דערפער און וועג-צלמים אויך אין דעם טאַנץ-ראָד פאַרוויקלט.
מיר האָבן פאַר אונדזערע קינדער געבויט און געזייט,
אַזוי ווי דאָס לאַנד וואָלט געווען אונדזער אייגנס —
נאָר אָפּגעמאַכט האָבן די שכנים: מען זאָל פון בית-מדרש
געהילץ אויפן טייכל פאַריכטן דאָס בריקל,
און פון די מצבות אַ ברוק זאָל מען לייגן.

## ה

געגרונטפעסטיקט האָבן די אורזיידעס שטיינערנע שולן,
די נאַקעטע ווענט מיט דעם שם פון הויה באַצירט,
און מיר האָבן אָפּגעהיט הונדערטער יאָרן די שטולן
פון יענע מנהיגים וואָס האָבן אַהער אונדז דערפירט.
מיר האָבן אין קעלערס געוווינט, נאָר אַ דעמבענעם עמוד אין
שולכל געשניצט.
אין שמאַטעס געקליידט זיך, נאָר סאַמעט און זייד איז געווען
דער פרוכת.
אין קאַלטע פאַרטאָגן האָט דודס געזאַנגען פון תהילים דערהיצט
די לייבער, וואָס זיינען אין עול פון דעם לעבן געפאַלן אָן כוחות.

טרעגער מיט אייזערנע אַקסלען משאות צו שלעפּן,
איר האָט זיך געהיט מיט אַן איבעריק וואָרט, די יסורים אין
שווייגן געהייליקט,
עניוותדיק זייט איר געזעסן אויף אונטערשטע טרעפּן,
דערפרייט און געטרייסט וואָס אויך איר האָט אין תורה אַ חלק.
די לענדן מיט שטריק ווי צדיקים מיט גאַרטלען פאַרגורט,

האָט איר שווערע לאַסטן געטראָגן, פאַרוויקלט אין שניי ווי אין פעלצן.

און נאָר אויף אַ חתונה צי אויף אַ יינגלס געבורט,
פלעגן אויף אייערע באַקן די טרערן זיך שמעלצן.

יידן סאַדאָווניקעס מיט אַ צעיוירעטן ריח פון ערד,
מיט האַריקע פנימער, בלאַטיקע שטיוול און פוטערנע היטלען,
געשמעקט האָט מיט וויַניקע עפּל פון אייערע מאַכיקע בערד,
ריין איז געווען אייער האַרץ ווי יום-כּיפּור די קיטלען.
פּראַסטיקע פור-לייט, צעבייזערטע שטאָט-בעלי עגלות,
די מיילער פול ווינט און געשריי, און די הערצער פול שטילן דערבאַרעס,
דעם שטויב פון די שליאַכן געטראָגן האָט איר אין די פּאָלעס,
דאָס ליכט פון דער היים האָט אייך נאָכגעשיינט, קינדיש פאַרוויגט און געוואַרעמט.

שניידער משפּחות וואָס האָבן בירושה מיט נאָדל און פאָדעם באַקומען —
אויך לידער, ווי דאָס וואָלט געווען צו פרנסה אַ שפּרוך,
איר פלעגט צו דעם וואַרשטאַט זיך אָנבייגן מיט אַ פאַרמחטן ברומען,
ווי איר וואָלט אַ שאלה געפּסקנט — ווען איר האָט געשניטן דאָס טוך.
הענדלער פון אַלטוואַרג, די בגדים ווי בלעכן פאַרראַסט,
די „קראָמען מיט סחורה" האָט איר אויף די אָרעמס געטראָגן,
ווי איר וואָלט פון זיך אויסגעטאָן עס.
אייך האָט ניט קיינמאָל דער פּרצוף פון מענטשן פאַרלאָזט,
פול איז געווען אייער האַרץ מיט רחמנות.

יידענעס מיט אָפּגעפּרווירענע הענט ביי די קוישן,
ווען איר פּלעגט די בענטש־ליכט פאַרשטעלן מיט פינגער פון
ווינטן צעשפּאָלטן,
פּלעגט דער פאַרקללהטער מאַרק נאָך אין מוח אייך רוישן,
און איר האָט באַוויינט אייער שבת וואָס איז צו דער וואָך
גלייך פאַרשאָלטן.
שבת־פאַרנאַכטיקע ווייבער מיט גלאַטע פאַרקעמטע פאַרוקן,
אַרויסקוקן פּלעגט איר צום וועג: קומט ניט אָן אליהו און איר
וועט די ערשטע דערזען אים?
נאָר אומגעריכט פּלעגט אייך באַפאַלן די עצבות פון וואָך ווען
איר פּלעגט זיך פאַרקוקן
אין מערב, ווו ס'האָט אין דעם זון־אונטערגאַנג זיך צעפלאַקערט
דער גיהנום.

## ו

און איר מיינע יונגע חברים אין ווינטיקע בלוזעס און רויטע
קראוואטן,
צעלייגט האָט איר זיך אין די וועלדער אַרום אַ צעפלאַקערטן
שייטער,
און אויסגלייכן האָט איר געפּרוווט די געבויגענע גלידער פון
טאַטן —
ווו זייט איר אַצינדער, פאַרבראַנדזיקטע יינגלעך, ווו זייט איר?
דערמאָנט האָט איר זיך, איר זייט אייניקלעך פון מאַקאַבייער,
האָט איר אויפגעזוונגען אַ לויב־ליד צו נאַקעטע גופן,
איך האָב אייך באַגלייט אויף דער וואַנדערונג, וואַלדיקע גייער,
ווען איר האָט געיובלט פון רחבות, פון גרינס און פון ליכט־שיין
בגלופין.

און ס'האָבן געהויקערטע מאַמעס געשמייכלט דערשטווינטע,
ווען איר האָט מיט זוניקע פּענער געפלייצט דורך דער שטאָט,
און אייערע קערפּערס די שלאַנקע, אין זון־גלי פאַרברווינטע,
האָבן ווי מורד געוועזן אין גאָט.

די געסלעך און בוידימער האָט איר פאַרביטן אויף פעלד און
געצעלטן,
און גלייך ווי די זיידעס אין לערנען, האָט איר זיך פאַרמאָסטן
אין שווימען,
איר האָט אָפּגענומען צוריק די פאַרבאַטענע וועלטן —
וועל איך ניט פאַרנעמען מער אייערע פריידיקע שטימען?

און איר, מיינע קינדער, דעם ענגען אַמאָליקן חדר דעם פייכטן,
האָט איר אויף אַ יידישער שול מיט צעעפנטע פענצטער פאַרביטן,
די בעקעלעך פלעגן זיך אָנצינדן אייך און די אויגן אַ לייכט טאָן,
ווען ס'האָט זיך דער בוים ביי דער שול איינגעשלייערט אין בליטן.
און ס'זיינען די לערער, געמאָסטענע, ערנסט-באַברילטע,
געגאַנגען מיט אייך אין די וועלדער געוויקסן צו קלייבן,
אַז איר פון מיין חושכדיק געסל אין טראַנטעס פאַרהילטע,
אַז איר, מיינע קינדער, וואָס לענגער זאָלט — קינדערלעך בלייבן.
און ווען ס'האָט די זאָרג פון דערוואַקסענע אייך איינגעשפּאַנט
אין איר יאָך,
האָט איר נאָך דער שול-צייט געבענקט און געזען זי אין חלום,
ווי אייער פאַרדאַגהטער טאַטע צוריק איינגעשפּאַנט אין דער וואָך,
פלעגט הערן נאָך זינגען אין שלאָף די מלאכי השלום.

ליכטיקע קעפּ מיינע, נאָך ביז אַצינד גיבן פּלוצלינג אויף מיר אַ
צעוויי זיך
אייערע לאָקן, ווי ווייצענע כוואַליעס אין פעלד,
נאָך ביז אַצינד רייסט אַרויס פון דער ערד אייער קינדיש
געשריי זיך — — —
כאָטש איך האָב מיין פנים פון אייערע בליקן פאַרשטעלט,
דאָך זע איך אייך שמייכלען פאַרטרערטע און קוקן דערשטוינט,

ווי אייך וואָלט דער טויט ניט געגרוילט, נאָר פאַרחידושט,
און וויינען מוז איך וואָס איך בין שוין מיט עלנט געוווינט,
אויף אייך, מיין פאַרלוירענע האָפענונג, נאָכגייער מיינע,
געזאַנגען אויף יידיש.

און איר, מיינע קעמפער! ס'איז אַש־גרוי געווען אייער הויט,
אַזוי ווי די ווענט פון דער תפיסה ווו איר זייט געזעסן
פאַרשפּאַרטע,
דעם זון־שטראַל וואָס האָט אייער קראַטע געזעגט האָט איר
גלויביק געטרויט —
אויך איר זייט געבליבן געגאַרטע.
געווען איז אייך נאָנט דער ניט־יידישער שכן, די נויט פון זיין ערד,
און ליב געהאַט האָט איר זיין לשון אַזוי ווי זיין לאַנקע,
איר האָט צוליב אים זיך פון אייגענעם שטאַם אָפּגעקערט,
און אים אייער כוח געשאָנקען.
כ'געדענק אייך, חברים, צעהיצט אין וויכוחים, צעקריגט,
און אָפט פלעגט איר, ברידער, מיט מעסערס גיין איינס אויף
די צווייטע. —
אַצינד ליגט איר אַלע אינאייגעם אין טויט איינגעוויגט
אויף היימישע פעלדער, אין שניי און אין רעגן פאַרווייטע.

ז

יידישע שטעטלעך פון פוילן, געווען איז דער הימל א טלית פון
אייערע תפילות געוועבט,

נאר ס'האט אייער קרעכץ א געוואלד־רים געמאכט אין געוועב
פון די שטילע ניגונים,

איר האט מיט אן אפגלאנץ פון ניט־אויסדערציילטע חלומות
געלעבט,

אזוי ווי דער אפשיין פון טאג אין א נאכטיקן ברונים.

פארשווינדט ניט פון מיר, מיינע בלאנדע חברים און זקנים
גוטהארציקע גרויע,

אזוי ווי אין אייערע קליידער, באהאלט איך מיין פנים אין ווינט.

ווי ס'וואלט נאך געווען פאר בראשית — מיין וועלט איז איצט
תהו ובהו,

איך שלעפ אויף די אקסל בית־עולמס — דורך שטעטלעך דורך
יידישע בלאנדזשע איך בלינד.

איך זוך אויף די וועגן דעם טלית וואס איר האט געשפונען
פון חסידישע מעשות, בית־עולם־לעגענדעס און ארבעטער־לידער,

ווען איך וואָלט אַ שטיק פון צעריסענעם טלית געפונען,
דאַן וואָלט איך אים אויסגעוועבט ווידער.

איך גיי אויף די וועגן פון פוילן. עס רוישן די ווינטן,
ווי מחנות פון חסידים וואָס פאָרן אויף יום־טוב צום רבין,
פאַרפלאָכטן די אָרעמס זיי זינגען און טאַנצן, זיי שפּרייזן פון פאָרנט, פון הינטן,
און שטויסן פאָרויס מיך צום לעבן.

פאַריז, 1947.

# דער טאַנץ פון גאולה

איך גיי אויף די וועגן פון פוילן. די האַרבסט־ווינטן אלולדיק רוישן.
און שנורן פון בלעטער אין חלל זיך ציען, ווי ס׳וואָלטן צום רבין געצויגן זיך מחנות פון חסידים.
איך שטיי אויף די מערק, כאָטש איך האָב ניט קיין זאַך צו פאַרקויפן, און גאָרניט צו טוישן,
דעם אָנזאָגער פון דער ישועה איך זוך, אפשר טרעף איך אָן אויף אַ יאַריד אים.

אַ ווילד־פרעמדער שטיי איך, באַטויבט פון אַרומיקן גוישן ליאַרעם,
און חלום, ס׳וועט באַלד דער מבשר זיך ווייזן צו מיר, און געדיכט ווי אַ וואַלד איבער מיר זיך צעוואַקסן,
וועט ווערן מיר אויפן געמיט אַזוי רואיק און לויטער און וואַרעם,
אַזוי ווי דאָס הימל־בלוי נאָך אויסגעוויטערטע שלאַקסן.
ס׳וועט ברענען דער זון־אונטערגאַנג אין זיין וואַלדיקער באָרד,
און אומגעריכט וועט ער פאַרשווינדן, נאָר בלייבן אין מיר וועט זיין וואָרט,
וואָס ער וועט מיר איינרוימען: „שטאַרק זיך און שטיי אויפדאָסניי אויף.
וועסט אויסגעלייזט ווערן. די וועלט איז אַצינד כלו חייב.״

נאָר קיינער פֿאַרהאַלט מיך ניט, קיינער. ווי חוני המעגל האָב איך
פֿאַרשלאָפֿן מיין וועלט, וואָס אין בלוט און אין ווײַ איז פֿאַרגאַנגען,
דער ווינט איז דער זאַק אויף מײַן פּלייצע, דער שטויב —
מײַנע שיך.
איך גיי דורך די שטעטלעך וואָס זיינען פֿאַרוועבט מיט געזאַנגען
פֿון חסידים, וואָס האָבן געזונגען אין טונקעלע שבת-צונאַכטן;
ווי איינער וואָס טרינקט זיך און ציט אויף אַ שטריק זיך, איך ציי
פֿון מײַן האַרץ די ניגונים,
דער זמר פֿאַרברענט מיך... און וויל איך אַ טרונק טאָן צו לעשן
מײַן קול דעם פֿאַרשמאַכטן,
דערהער איך אין וואַסער-געמורמל — אַ ניגון זיך מאַטערט
אין ברונים.

נאָר ווען אויף די שליאַכן די ראַשיק-באַלעבטע ווערט ליידיק,
און איך בלייב אַליין אויף די פֿעלדער, דערזע איך, בעריאָזעס
דערשראָקן אין ווינט זיך צעהוידען,
די האַרבסטיקע בלעטער אין פֿרומער געהיימער דערוואַרטונג
פֿון עפּעס זיך סודען,
די וואָלקנס זיך לאָזן אַראָפּ און עס קריכן אַרונטער פֿון זיי
ווי פֿון בוידן —
גרוי-בערדיקע יידן... זיי פֿלעכטן די אָרעמס צונויף און צעטאַנצן
זיך פֿריידיק,
און איך, ווי אַ ייִנגעלע ביי די הקפות אין שול מיט אַ גילדערנער
פֿאָן,
טאַנץ מיט און זינג מיט, און אין זייערע זשופּיצעס האַלט איך
זיך אָן.

רבונו דעלמא כולא,
ניטאָ מער קיין כוח צו ווארטן,
מיר נעמען זיך אָן פאַר די הענט און מיר גייען אליין
צו דער גאולה;
אויב דו ווילסט צו אונדז ניט באַוויליקן קומען,
מיר וועלן דיך אויסזוכן אין די פמליאס,
ווייל מיר זיינען מוכן ומזומן
צו גיין ביסקל האַלדז אין די כוואַליעס,
צו גיין דורך מדבריות, צו זינקען אין שנייען,
און ווי פאַר די גאַרטלען, זיך ציען
איינע די אַנדערע — פאַר די געשרייען,
וואָס איטלעכער האָט אין זיין ווייטיק
געשריען.

רבונו דעלמא כולא,
איז דיר אונדזער מאַטערניש נייטיק?
טאָ זיינען מיר דורכצוגיין גרייט אין איין טאָג
דעם מהלך וואָס דורות-לאַנג דאַרף עס געדויערן,
נאָר פול זאָל שוין ווערן די מאָס און די וואָג —
און עפן די טויערן.

רבונו דעלמא כולא,
פיר אונדז אַרויס פון דער וואָך און פון גלות,
און זינג מיט אונדז מיט „ויכלו" —
מיר טאַנצן צו דיר מיט פאַרהויבענע פאַלעס.

זיי האַקן פאַרוואָרפן די קעפּ, אין די שוואַרצאַפּלען נאַכט-
שרפות גלאַנצן,

און פּלוצלינג צעשיט זיך די מחנה און איטלעכער הערט אויף
צו טאַנצן,
ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט און דערפילט, אַז זיין קערפּער
צעבראָכן און מיד איז,
און אַז אַ פאַרבאָרגענער יאָמער זיין כלומרשטע פריידיקע ליד איז.
און ווי אויף אַ פעלד אַ פאַראיינזאַמטער בוים מיט פאַרבראָכענע
צווייגן,
פאַרזינקט דער מתפלל אין תפילה בלחש, אין לאַנגן
פאַרגליווערטן שווייגן,
ווי ער וואָלט אַ שטומער געדאַוונט ביחידות.

און ווידער זיי קומען צוזאַמען זיך מיט אויסגעלייטערטע
בלייכע געזיכטער,
זיי גייען אַ שורה אַ ברייט אויסגעצויגענע איבער פאַרנאַכטיקע
פליינען,
זיי גייען צום מערב, ווו ס'גליט נאָך אַ ליכט־פּאַס אַ געלבלעכער
ווי פון יענוועלטיקע ליכטער,
זיי גייען און זינגען און טענהן און וויינען.

ר' לוי־יצחק האָט דאָך צוגעזאָגט,
דער רבי דער באַרדיטשעווער האָט צוגעזאָגט
דעם קאָזשעניצער מגיד,
און דעם ייד פון פּשיסכע,
און דעם „חוזה" פון לובלין;
ר' לוי־יצחק האָט דאָך פאַר זיין פּטירה צוגעזאָגט,
אַז ווי ער וועט נאָר קומען פאַרן בית־דין,
וועט ער זיך אָנכאַפּן אין שטול פון רחמים און ניט אָפּטרעטן,
ביז ער וועט ניט אַראָפּברענגען דעם גואל.

ער פלעגט דאָך, דער באַרדיטשעווער, אין טלית און אין קיטל
יום־כיפור שטיין אַ גאַנצן טאָג ביים עמוד,
און אויפטרייסלען די הימלען.
זאָל זיין, אַז דאָרטן האָט מען איינגעבעטן אים מיט ש״י עולמות,
מיט גילדערנע פּאַלאַצן און מיט שרפים וואָס באַדינען אים,
און אונדז האָט ער פאַרגעסן, חס ושלום?

און אפשר האָט ער דאָרט געטראָפן מחנות יידן,
וואָס קענען ניט אַריין אין טויער פון דעם הימל,
ווי ס׳קען אַ קינד ניט גרייכן צו דער קליאַמקע,
און שטייט אינדרויסן אַ דערשראָקענער אין פינצטערניש —
און ר׳ לוי־יצחק עפנט זיי די טיר,
ווייל זייערע יסורים זיינען גרעסערע פון אונדזערע...

און אפשר ליגט דער רבי דער באַרדיטשעווער אין קבר שטום,
אין די תכריכים ווי אין אייז, און קען ניט רירן מיט קיין אבר,
די ליפּן צוגעפרוירן, און די אויגן גלאָז,
אַ בר־מינן איז ער און ניט קיין מליץ יושר —
באַדאַרפן מיר אַראָפּברענגען משיחן,
ער זאָל אויך אויסלייזן דעם „קדושת לוי״,
ווינד איז אונדז און וויי.

קומט, יידן, קומט צום קאָזשעניצער רבין,
קומט יידן, קומט צום רבין פון לובלין,
מיר וועלן הענט אויף אַקסל אין אַ טאַנץ זיך וועבן,

ביז טאַנצנדיק מיר וועלן אָנקומען אַהין,
ווו ס'ברענט דער שם הויה אין דער שקיעה,
און אָפן וואַרט דער טויער פון גן־עדן —
איז זאָל זיך אויך דער קאָזשעניצער מגיד מיען
אין זכות פון טאַטן זיינעם און זיין זיידן;
און דער לובלינער „חוזה" זאָל מיט זיינע חסידים
אַרויסטאַנצן פון טיש, פון שטיבל און פון פּאָליש,
און ווען עס טרעפט אין וועג אַ נעבעכדיקער ייד אים,
אַ דאָרפס־הענדלער, אַ בעטלער צי אַזוי אַ חלוש,
זאָל ער אַריינכעמען דעם דורכגייער אין טאַנץ,
ביז גאָר די שטאָט וועט זיך מיט אים אין ראָד פאַראייניקן,
און מיר, די פּראָסטע יידן מיטן האַרצן גאַנץ,
מיר וועלן זיך ביים פייער פון זיין ריקוד רייניקן.

קומט, יידן, קומט צום פּשיסכער ייד. געוועזן איז ער בגלופין
פון ליבשאַפט צום כביכול און דער מטרוניתא,
אַז ער וועט אָנקומען דערזען אונדז — אַ געפלעכט פון גופן,
און הערן אונדזערע ניגונים די פאַרפייניקט־זיסע,
וועט ער מיט זיינע חסידים אויך אין טאַנץ זיך לאָזן,
און מיט מסירת נפש שטורעמען די הימלען,
און אַלע דריי רביים וועלן אין די שופרות בלאָזן,
און מער דעם אויבערשטן ניט לאָזן דרימלען.
זיי האָבן איינמאָל שוין געמאַכט אַנטקעגן הימל אַ מרידה,
האָט זיי אָוועקגענומען גיך דער עתיק־יומין — — — —
נאָר איצטער זיינען מיר אַזעלכע גאָט־געשלאָגענע און מידע,
און ס'וועט זיין שפּעט — אויב דער דערלייזער וועט פאַרזוימען.

נאָר ווער וועט זיין דער פּערטער, ווער וועט זיין דער פּערטער?
זיי זאָלן זאַלבעפערט דעם הימל טרייסלען ווי אַ טלית.
זאָל זיין, אַז אונדזער יום־טוב זיין וועט אַ פאַרשטערטער,
און נאָר אין בראַך מיר וועלן זען דעם אייבערשטנס התגלות?

דער פערטער זיין וועט דער באַרדיטשעווער, דער „קדושת־לוי",
מיט זיינע תפילות וועט ער אַלע זיבן הימלען שפּאַלטן:
„איך שעם זיך, טאַטעניו, צו ליגן אונטער דער מצבה,
ווייל איך האָב צוגעזאָגט זיי — און מיין צוזאָג ניט געהאַלטן.
געדענקסטו ווי איך האָב צו דיר אַמאָל געזונגען:
„אין מזרח — דו, אין מערב — דו, אין דרום און אין צפון."
און ווי אַ פאַסטעך מיטן בייטש צו דיר געשפּרונגען,
און איבער טאָלן, איבער בערג צו דיר געלאָפן.
איצט זינגט ניט מער צו דיר מיין ליבשאַפט, ווי אַ פאַסטעך אויפן פייפל,
ווייל דיינע שאָף פאַרלאָרן זיינען אין דער וויסטע,
און וויל איך זיין פאַר דיר אַ מליץ יושר, ווערט מיין מויל מיט בלוי פול,
וואָס זאָל איך דיינע קינדער ענטפערן? — ווו ביסטו?"

ר' לוי־יצחק וועט ניט לאָזן דעם געוועלטיקער דאָרט אויבן באַהאַלטן זיך — און ער וועט אָפּזוכן אין דעם אין־סוף אים;
ר' לוי־יצחק וועט ניט לאָזן דעם באַשעפער זאָלן לויבן
מלאכים און זעקס־פליגלדיקע שרפים.
ר' לוי־יצחקן וועט ניט דערשרעקן קיין געבייזער,

און ער וועט ענטפערן: „מיר האָבן פֿאַר דיין כבוד זיך געלאָזן
שעכטן.

איז ווייניק אונדז אַ מלאך אַ דערלייזער,
נאָר דו אַליין מוסט אונדז אַראָפּברענגען דאָס מלכות פון
גערעכטן.״

פּאַריז, 1947.

# לובלין

לובלין, אין דיין ערד איז מיין אוצר באַגראָבן. איך רייס אוים די שטעכיקע דערנער
וואָס וואַקסן אַרום מיין זכרון־בית־עולם... איך בלאָנדזשע דורך געסלעך שמאָלע,
ווו ס׳פלאַטערן שאָטנס פאַרצייטיקע, און די פאַרבאָרגענע קולות פון לערנער
פאַרטרויען מיר שטיל דעם פאַרשוואָרענעם סוד פון קבלה.
איך זע נאָך צופוסנס פון שלאָס־באַרג זיך טוליען די „שול פון די לויפער",
די זון זינקט אַראָפּ, ווי די קרוין פון דעם פירשט שאול וואהל וואָלט געשוועבט אין דער לופט
אַריבער די זומפיקע געסלעך פון יידישע קויפער־פאַרקויפער,
ווו איטלעכער קרעמער די דורכגייער מיט אַ לעגענדע־שטים רופט.

אָט דאָ האָט געשפרייזט דער מהרש״ל. אויף דער פרייטיק־צונאַכטיקער גאַס
זיין לערנען קלינגט אָפּ ביי דעם שיין פון די שטערן. עס האָבן די ליכט אויסגעברענט שוין.

זיין שטערן דער ברייטער גערונצלטער לויכט פון זיין פירוש
אויף ש״ס,

א וואָלקן שווימט אום ווי זיין טלית. די יידענעס קוקן אים נאָך
און אים בענטשן.

מיט פאַרכטיקער פרומקייט תלמידים פון אַלע מדינות אים
רינגלען אַרום,

זיין שמייכל דער שטרענגער באַלויכט זיי דעם טונקעלן וועג דורך
דער גמרא,

ער פירט זיי אַרויס פון די אומגעגנג וואָס זיינען פאַרפּלאָנטערט
און קרום,

די נאַכט־שאָטנס טרעטן צוריק ביי דעם אויפשטראַל פון זיינע
שוואַרצאַפּל די קלאָרע.

און אונטער איין דאַך אין דער שול פון דעם קריגערישן גאון
מהרש״ל,

געדאַווּנט האָט דער מהר״ם מיט זיין מנין באַזונדער,

און ווי אַ פאַרלאָשענער שטערן וואָס ציטערט און לעבט נאָך
אין שטראַל,

האָט דאָס ליכט פון לובלין ביז צו ווילנע דערגרייכט אין מיין
שפּעטן יאָרהונדערט.

און יינגלוויז, ווען איך פלעג חלומען אין אַ פאַרכישופטן קרייז,

מיט ספרים פאַרלייגט, פלעג איך טאָן ברייט די אויגן אַן עפן:

אין בלעטער־געשאָרך האָט געפּילפּולט זיך דער מהר״ם, און
געלאַכט האָט דער גרייז:

„מיין קינד, האָסט די קשיא געטראָפן, איצט דאַרפסטו דעם תירוץ
אויך טרעפן.״

איר ראשי ישיבות, האַלט אונטער מיין ציטריקן אָרעם,
און פירט ווי אַ חתן מיך, פירט ווי אַן אבל מיך איבער ניט
ערדישע וועגן,
און איך וועל אַזוי ווי אַמאָל אויף מיין שטענדער אַ קשיא אייך
פרעגן,
(נאָר וווּ זאָל איך זוכן דעם ענטפער, אין וועלכענע ספרים?)
— זייט איר דען געווען בלויז אַ דמיון פון קראַנקע לבנהקע שפינער,
און איר האָט ניט קיינמאָל געלעבט ביי דעם שלאָס־באַרג, אַרום
דעם געהויקערטן מאַרק?
עס קענען ניט אייערע נעמען אַפילו די לעצטע לובלינער,
וואָס בלאָנדזשען אַרום אין די חורבות צופוסנס פון באַרג.

אָט דאָ ערגעץ וווּ האָט דער „חוזה" געקוקט פון זיין גאַניק
אויף חסידישע בוידן, וואָס האָבן צו אים מיט געזאַנג זיך געצויגן,
ער האָט ניט געוווּסט אַז ניט ווייט פון זיין הויף איז מאַידאַנעק —
דער העלזעער האָט פון התלהבות געהאַט בלינדע אויגן.
פון חדר מיוחד אין הימל קוק, רבי, אַצינדער אַרויס,
און זע דיינע חסידים, די שטעטלשע מחנות זיך ציען —
אַ, ניט אויף יום־טובים צו דיר אין דיין פריילעכער קלויז —
נאָר ביז צו דער פאַרשטאָט מאַידאַנעק ווו קאַלכאויוונס גליען.
אין פוסטן בית־מדרש דער „חוזה" לויפט הין און צוריק,
ער קען דעם אַרויסגאַנג ניט טרעפן, עס זיינען קיין טרעפּ ניט
פאַראַנען.
געבליבן איז הענגען אין חלל אַ שויב מיט זיין בלינד
אויפגעריסענעם בליק,
ווי ער וואָלט אַ הינטער אַ וואָלקן געשטאַנען.

און יענער, וואָס האָט הונדערט יאָר נאָך דעם העלזעערס טויט
אים שלום געמאַכט מיט דעם רב פון לובלין, דעם מתנגדישן
אייזערנעם גאון,
און ער האָט אין נאָמען פון רבין און גאון אַ נייע ישיבה געבויט,
ווו זייערעביידע מצבות אַן קריג אויף דעם אַלטן פעלד גרויען —
אויך אים, דעם באַנייער פון תורה און חסידות, האָט גאָט ניט
אַנטפלעקט די געפאַר,
וואָס קומט אָן פון מערב... איך האָב אים געקענט, דעם
באַגייסטערטן בויער!
אַז ער זאָל ניט ווערן געפרוווט אין דער שעה פון דעם ביטערן גזר,
האָט נאָך זיך באַצייטנס געעפנט פאַר אים פון בית־חיים דער טויער.
בלויז ער האָט אַ זכות אין דעם הימל געהאַט, ווי אַ תקיף פלעגט
האָבן אַ צד אין אַמאָליקן וועד,
און ס'האָבן באַוויינט אים די „חכמי לובלין" אין דער שטיינערנער
שול דער באַנייטער, —
נאָר דיינע תלמידים, ר' מאיר שאַפּיראָ, דו לעצטער לובלינער אב"ד,
אוועק זיינען שטום קיין מאַידאַנעק — אוועק צו דעם הייליקן
שייטער.

פּאַריז, 1947.

# דער וועד פון די ארבע ארצות

נאָך פיל אונטערערדישע דורכגענג פארצייטיקע זיינען געבליבן
אין שטאָט, ווו עס פלעגט זיך פארזאמלען דער וועד פון די ארבע
ארצות — אין אַלטשטאָט לובלין.

און ערגעץ ווו איז אויף אַ דף פון אַ ספר פארשריבן,
אַז אַפּציילן דאַרף איך ניין טריט אין אַ געסעלע, ביז איך געפין
אַ שפּאַלט אַ פאַרוואַקסענעם אין אַ רואין פון אַ מויער — — —
און ווי אין דעם כותל מערבי פארגראָב איך מיין קאָפּ אין דער וואַנט.
דערהער איך מיטאיינמאָל ווי ס׳קרעכצט אַ געהיימער
פאַרזשאַווערטער טויער,
און ס׳גיט זיך צו מיר אַ שטרעק אויס אַ פאַרבאַרגענע האַנט,
און שטויסט מיך אַריין אין אַ פירהויז אויף פינצטערע שטיגן...
אינדרויסן
דאָס הויז בלייבט ווי פריער אַ חורבה מיט קעלערן טיפע,
און איך קום אַריין אין אַ דעמבענעם ליכטיקן חדר אַ גרויסן —
דאָ זיצט דער אַמאָליקער וועד אויף זיין יערלעכער גרויסער אסיפה.

איך שטיי אין דער שטוב אַ נימ־דאָאיקער אורח, אַ נעלם,
און הער די גאונים זיך אַמפּערן איבער אַ דין,
ארום — די פרנסים פון קראָקע, פון לעמבערג, פון כעלעם,

און ס'הילכט אין די פענצטער אריין דער יאריד פון לובלין.
וואס אמפערן זיך די רבנים אזוי? ווי צעריסענע סטרונעס
זיי צופן די האר פון די גרויע צעוואקסענע בערד.
צי זוכן זיי איצטער א היתר פאר וויסטע עגונות,
ווייל דורך איז כמעלניצקע דאס לאנד מיט זיין שפיז און
קאזאקישער שווערד?
און אפשר באטראכטן די ראשי הקהל א לעצטע תחבולה
אנטקעגן דעם קלויסטער וואס מאכט זיי א בלוט-בלבול ווידער,
ניט זיין זאל די שעה,
און קהל געשיקט האט שילוחים קיין רוים נאך א פויפסטלעכער
בולע,
אז ער זאל זיי ראטעווען... נאר ס'איז קיין ענטפער ניטא?

איך וויים ניט דעם חשבון. איך האב זיך פארלוירן אין לויף פון
די יארן:
איז ניט פון דעם מזרח א שונא א נייער באפאלן די שטעט,
און חרוב געמאכט די קהילות, און איצט לזכרון
דער וועד איז מתקן א תענית און נאך אן „אל מלא" און נאך א
געבעט?

און ברייוו שרייבט דער וועד צו די וויטע קהילות און זייערע
פרומע מנהיגים:
„צוליב די רציחות פון באגדאן חמיל און פון זיינע יוונים —
זיין נאמען זאל אפגעמעקט ווערן, דערקלערט אונדזער מלכות
האט קריג אים —
צוליב די מלחמות מיט אים, מיטן קדר און טערק,
מיר זיינען פאראָרעמט געווארן. דעריבער דערמאנען מיר אייך,
בני רחמנים:

לייזט אוים די געפאנגענע יידן וואס ווערן פארקויפט אויף די מערק.
צו אונדז איז דערגאנגען, איר האט ניט געגלויבט די שילוחים
פון קראקע,
וואס האבן נדבות געקליבן צו אויסלייזן שבויים.
זייט וויסן, דער גזר איז נאך גרעסער. און ווער עס גיט צדקה,
ניט ווערן פארשטערט וועט די רו אים.
אויך בעטן מיר אייך פאר די גולים אין אייער מדינה,
איר זאלט ניט ווי בעטלער באהאנדלען זיי, נייערט ווי ברידער,
און ביז די פארוואגלטע וועלן אן אפרו געפינען,
לאזט דאווגען זיי נאך אונדזער פוילישן נוסח פון פוילישן סידור."

ס'ווערט היים אויף דער גרויסער אסיפה, די האריקע לייבער
זיך שמעלצן.
דער וועד דארף צעטיילן פאר יעדער מדינה דעם שטייער,
וואס ס'נעמט דער באשיצער דער קעניג... מען טוט אוים די
סויבלנע פעלצן,
אין אויגנבליק ווערט אויסגעלאשן דער שרעק פאר דעם יוון און קדר,
מחלוקת צינדט אן די צעפאטלטע בערד ווי א פייער:
„מסירה!" צעטראגט זיך א דונער און טרייסלט די פענצטער פון
חדר.
און עמעצער שרייט: „ווייל עס טוען אצינד זיך פארמערן
די יידן וואס לויפן פון צינז, דארף מען אפשיידן זיי פון דעם ציבור,
און שטעק-בריוו נאך זיי דארף מען שיקן קיין בעמען און מערן" —
פארשמעקט שוין מיט חלב-ליכט שווארצע און חרם אויף
יידישע שטיבער.

די ראשי הוועד באלעבאטעווען מאכטיק און פאכען אזוי מיט
די שטעקנס,

ווי העטמאַנעס מיט די בולאַוועס. און בייז, אין דער גאווה געריייצטע,
איין תקיף דעם אַנדערן מיט זיין גרויס חשיבותביים פריץ וויל
שרעקן.

די אַלטע רבנים מיט ציטריקע הענט און העוויות פאַרפרומטע,
זיי קרעכצן אָפּ טיף אויף די זינד פון דעם דור און זיי בלייבן
פאַרשטומטע,

און ס'וויגט זיך די שטוב מיט דעם זילבער פון זייערע בערד א
פאַרפלייצטע.

אין בית־דין־שטוב ליאַרעמט פון דרויסן אַריין דער יאַריד,
דער פּרנס זיצט ברייט און פּירט אַן פון זיין דעמבענעם שטענדער.
מיט בשמים און שטאָף קומט דער ייד אויפן מאַרק, און מיט
יאָמער אין האַרץ קומט דער ייד
צו זיינע מנהיגים פון אַלע פיר פוילישע לענדער.

נאָר אומגעריכט טו איך א שפּאַן און איך שטאַמל אַרויס:
„געקומען בין איך פון מאַידאַנעק. איך בין דאָ א פרעמדער.
איך וויים ניט, לעבט איר אויף אַן אמת און איך בין אַן
אויסדאַכטונג בלויז?
צי איך האָב עם אייער געביין, אין די לאַנג שוין צעפּאַלענע העמדער,
פאַרגאַרטלט מיט זיינע קליידער... רבותי, איר חלומט פון
אייביקן שלאָף,
ס'איז אונדזער מלוכה פון תורה און גדולה צו ענדע.
דער מאַרק איז א גויישער מאַרק. ניט פאַראַן מער קיין יידן וואָס
האַנדלען מיט בשמים און שטאָף.
און אויך דער בית־עולם איז חרוב ווי איר וואָלט ניט קיינמאָל
געווען דאָ."

דער טומל מיט איינמאָל שטאַרבט אָפּ און דערשראָקענע בלייך קוקן
אַלע זיך אום,
זיי קוקן אַרוים אויף דעם גויישן מאַרק דורך די פענצטער,
מיין בשורה ווערגט אוים זייער אָטעם, זיי זיצן געפרוירן און שטום:
„רבותי," — זאָג איך — „כאָטש דער יינגסטער בין איך און דער
קלענסטער,
די אורזיידעס מיינע וואָס האָבן געלעבט אין איין תקופה מיט אייך,
געוועזן זיינען שטומע דערשלאָגענע דאָרפס-גייער, אָרעמע
פריילעכע שניידער,
אַצינד זיינען די מיוחסים מיט אַלע אביונים שוין גלייך,
און זייער געביין ליגט אויף פעלדער און וועלדער צעשליידערט.

איר הייליקע גרויסע אסיפה, איך וועל אייך אַנטפּלעקן דעם סוד:
געשטאַרבענע זייט איר! דאָס הויז איז פון שפּינוועבס און ס'הענגען
אין חלל די שטאָפּלען,
געוועזן איז, ווייזט אוים, אייער בנין דאָ אָן אַ יסוד...
וואָס קוקט איר מיך אָן אַזוי אימהדיק מיט אויסגעקערטע
שוואַרצאַפּלען?
גייט, גייט אין דעם הימל, זיין אייזערנעם טראָנשטול צעברעכט,
ווי ער האָט צעבראָכן זיין הויז אויף דער ערד און ישובים און
שטעט מיט זיין ברכה געבויטע,
ער האָט דאָך דעם אָנדענק פון אייער פאַרצייטיקער גדולה
פאַרשוועכט,
אויב דאָס איז דער „קץ", ווי אַמאָל אין די גזרת ת"ח ת"ט,
בערג מיט טויטע?
איז לייגט אים אין חרם אַריין! ווי איר האָט עס געטאָן
מיט פאַלשע משיחים. וואָס דרייט איר אָוועק די געזיכטער?

אַ כופר בין איך און אַ מורד, איר קוקט מיך דעם רשע נימ
אָן" — — — —

און פּלוצלינג טוט מיך אַ פאַרוויקל אַ רויך אַ געדיכטער,
מיט דונער און בליץ טוט אַ בראַך זיך אין שטורעם די שטוב
און פאַרשווינדט,
מען שטופּט מיך אַראָפּ פון די טרעפּ, איך בלייב ליגן אינדרויסן.
און תקיעות ווי רויך־צונגען שוואַרצע זיך יאָגן נאָך מיר דורך
דער גאַס וואָס איז אָפּגעצאַמט בלינד,
און מתים־הענט, געלע, געביילטע פון שטאָט מיך פאַרשטויסן.

פּאַריז, 1947.

# יום־כיפור אין קראָקע

## דער וואַוועל

פיר יידישע פּאָעטן שטייען אין דעם קלויסטער,
ווו די מלכים אויף די סאַרקאָפאַגן ליגן.
אַ קעניג קוקט אויף אונדז, אַ קופּערנער געקרויזטער,
און אין די אויגן זיינע פלאַקערן נאָך זיגן.

אַ פירשט, אַ טויט פאַרווונדעטער, הייבט שווער זיך אונטער
אויף זיין אַנטבלויזטער שווערד, וואָס מיט זיין בלוט באַשפּריצט איז,
איין האַנט פאַראויסגעשטרעקט, ער רופט זיין פאָלק און מונטערט,
און אויף זיין פּנים לעצטער גסיסה־קראַמף פאַרקריצט איז.

און איינער, זיינע הענט צונויפגעלייגט אין תפילה,
ליגט אויף זיין רוקן שטייף, און גאָטספאָרכטיק פאַרזונקען
זיין בראָנדזענע געשטאַלט איז אין געבעטן שטילע.
און מיט אַ שמייכל אַ געטרייסטן שוין באַטרונקען
אויף קאַלטע ליפּן, ליגט אַנטקעגן אים זיין מלכה,
ביי איר צופוסנס וואַכט אַ הונט, איר טריישאַפט־צייכן,
און קריסטוס אַ געפייניקטער, וואָס הענגט אַראָפּ פון באַלקן,
קוקט מיט פאַרגעבונג אויף איר פּנים אויף דעם בלייכן.
זי בעט דעם אויסלייזער צו זיין פון זינד געריייניקט,

דעם טראַנשטול פאַר איר זון, און פאַר איר פאָלק — נצחון;
אַז פוילן זאָל אין ליבשאַפט אייביק זיין פאַראייניקט,
ווי זי וואָס האָט איר שבועה קיינמאָל ניט געבראָכן.

ס'ווערט טונקעלער אין די קאַפּעליעס די געוועלבטע,
וווּ די גבורים רוען אָפּ אויף זייער וואָפן.
פיר יידישע פאַטען גליוורן פאַרגעלבטע,
און האָרכן ווי די פוילישע מלכים שלאָפן.

„זיי שלאָפן טיף, נאָר זייער פאָלק געטריי זיי היטן",
איז אין דער שפּראַך דער רוימישער פון די קאַטוילן
מיט אותיות גילדענע אין וואַוועל איינגעשניטן,
און אין די ווערטער גלויבט דאָס קלויסטערדיקע פוילן.
און אין סכנה קוקט אַרויף דער שטאָט דער גאַנצער
צום וואַוועל, און אין זיינע דיקע ווענט און טורעמס
דאָס פאָלק טוט אָן זיך, ווי אין שטיינעריקן פאַנצער,
און עס צעהוידען זיך די גלעקער פול מיט שטורעמס.

ס'וואַכט אויף דער וואַוועל-באַרג, וווּ די מלכים וווינען,
ס'באַוועגן זיך געשטאַלטן אויף די וואַנט-געמעלן,
אויף די געזאַלבטע קעפּ צעבליצן זיך די קרוינען,
און אין פאַרגלייזטע אויגן נעמט דער טאָג-שיין העלן.
די ווייסל גאַרטלט ענגער נאָך אַרום די פעסטונג,
און פינקלט ווי אַ שווערד אַ זילבערנע צעבליצטע,
און מיט די העק אויף די באַפּאַלער זיך פאַרמעסטן
די צלם-רייטער אויף די פערד די שלאַכט-צעהיצטע.

די שלאַכט ברענט אויס. און אין דעם פלאַקער דעם דערברענטן
דער וואַוועל לעשט זיך אין דער אָוונט־שעה דער שפּעטער,
און נאָר ביים היילקסטן פון אַלע סאַקראַמענטן,
אַ פייער לויכט זיך, ווי אַ ליליע וויים־צעבלעטערט.

מיר לאָזן זיך אַרונטער אין די שמאָלע היילן,
באַלויכטענע מיט קלויסטערשע לאַמפּאַדעס,
און הערן ווי די אַלטע קעלערן דערציילן
לעגענדעס ריטערלעכע, קלויסטערשע באַלאַדעס.
אַן אָדלער פלאַטערט אויף אַ קאַסטן אַ פאַרמאַכטן,
דער רום פון פוילן ליגט דאָ אין די סאַרקאָפאַגן;
נאָך לאַנגן הערשן און אכזריותדיקע שלאַכטן,
די פירשטן רוען אָפּ אין שטיינעריקע קראַגנס.

מיר שלייכן דורך די סודותדיקע קאָרידאָרן,
פאַרפראַסטיקט און פאַרקאָוועט שטומען די ארונות.
אַ לאָמפּ הענגט איבער יעדן קעניגלעכן ארון,
ווייל נאָכן טויט דער קאַרגער לאָמפּן־שיין — זיין קרוין איז.
און איבער די יאָרהונדערטער וויל איך דערגרייכן
אין טיפן לאַבירינט, וווּ ס'ליגט דער ערשטער קעניג,
אַן איינזאַמער ער ליגט אין שיין־געוועב אין בלייכן,
און איז שוין טויזנט יאָר די שטילקייט אונטערטעניק.
אַ, צו זיין טרומנע ציט אַזוי מיין גוף דעם מידן,
מיך רופט די שטילקייט, וואָס אין דעמערונג דאָרט הויערט,
ווייל אַפּרוען וויל אויך דער קערפּער פון אַ יידן
נאָך לאַנגן וואָגל — אין אַ ווינקל איינגעמויערט.

# די טרומנע פון מיצקעוויטש

פון קאַלטן טויטן קעניגרייך פון די מלכים,
מיר גייען צום פּאָעט וואָס ליגט אין ווייסער מיטה,
ווי אין אַן אייז־גלעטשער... ניט פאַר אים און ניט נאָך אים,
האָט קיינער ניט אַזוי ווי ער באַזונגען ליטע.

אַרום זיין טרומנע ברענען אונדזערע געזיכטער,
און איינער זאָגט: „מען וואָלט באַדאַרפט דעם אָרון נעמען
און אים אַראָפּטראָגן פון וואַוועל־באַרג. דער דיכטער
זאָל איצט מיט זיינע טרוימען זיך ניט דאַרפן שעמען.״

דער צווייטער ענטפערט אים: „אַוועקרייסן ניט פּרווו אים,
ער איז געווען שוין פון זיין היימלאַנד אָפּגעריסן;
מיר וואָלטן ניט געטאָרט אויך ווען מיר זיינען כרובים —
אַרויסטראָגן פון דער קאַטעדרע איר געוויסן.״

דער דריטער ביטער לאַכט: „מיר זיינען דאָ אין קראָקע
קיין פרעמדע ניט. אין קוזמיר האָבן מיר אויף שענקען
בירושה נאָך פון עלטערזיידן אַ חזקה,
איז ווי מיצקעוויטש דאַרפן מיר נאָך פוילן בענקען״.

דער פערטער זאָגט מיט קנאה: „די מלכים האָבן
געשטעלט זיך דענקמעלער. געוווסט — זיי וועלן בלייבן.
אין זייער קדשי־קדשים דעם פּאָעט באַגראָבן,
און ס'וועט זיין שאָטן קיינער ניט פון וואַוועל טרייבן."

און ווי פאַרשווערער בייגן מיר זיך אָן צום קאַסטן,
וואָס איז מיט כתב לאַטייניש גענדיכט באַשריבן,
מיר חתמענען זיך... און מיר נעמען לויפן האַסטיק
ווי עמעצער וואָלט פון דעם וואַוועל אונדז געטריבן.

און ווען עס וועלן עולה־רגל זיין קאַטוילן
צום קבר פון פּאָעט, זיי וועלן זען פאַרחידושט,
אַז אויף דעם ווייסן שטיין דעם הייליקסטן פון פוילן,
פיר אונטערשריפטן זיינען איינגעקריצט — אויף יידיש.

# דער קבר פון רמ״א

יום־כיפור איז אין שטאָט פון גאונישן רמ׳א,
יום־כיפור אין קאַטוילִיש־קעניגלעכער קראָקע.
נאָר דבקותדיקע חסידים זיינען מער ניטאָ,
און אויך קיין סוחרים ניט וואָס קויפן אוים מיט צדקה
די זינד פון אַ גאַנץ יאָר. און חרוב איז די שול,
די וועלט־באַוואונדערטע, די עלטסטע שול אין פוילן.
דער קוזמיר מאַרק־פּלאַץ איז מיט אַלטוואַרג־הענדלער פול,
אויף דעם צעטראָטענעם בית־עולם זיך פאַרהוילן
אין גראָז די קברים, ניט צו הערן דעם געשריי
פון גויישן יריד, וואָס וויל די רו זיי שטערן.
נאָר איין מצבה איז געבליבן שטיין אין ריי,
זי וואַרט מיט אַ געקאַרבטן און פאַרקנייטשטן שטערן.

פאַרמוחט גליווערט די מצבה פון רמ׳א,
דער ראש פון בית־דין מוז דער לעצטער בלייבן, —
ער שטייט אין דער כל־נדרי׳דיקער בלויער שעה,
און קען ניט מיט אַ שם דעם מאַרק פונאַנדערטרייבן.

ווי אַ געהיימער טויער וואַקסט אַרויס דער שטיין,
(דעם רחמים־טויער איז פאַרשפּאַרט אויף זיבן ריגלען)

דער כתב וואָס אויף דעם טאָוול איז — פאַרשטאַרט געווײן,
און אין זײַן פײַכטן גלאַנץ מײַן פּנים נעמט זיך שפּיגלען.
מיר דאַכט זיך, דער מצבה־שטײן ווערט אויפגעפּראַלט,
ווי אויפגעלעבטע אויגן לויכטן אויף די אותיות,
און אין דער קבֿרדיקער טיף דער הימל שטראַלט —
דער קבֿר ווי דער הימל אויסגעשטערנט גרויס איז.
און מיר אַנטקעגן קומט אָן דער רמ״א, באַגלייט
פֿון זקנים זילבערנע אין קרוינען פֿון דער תּורה,
ביז איך ווער אויך אַרײַנגעשלאָסן אין דער קייט,
און די מצבה ווערט אַ גילדערנע מנורה...

אַנטקעגן דער מצבה פֿון רמ״א איך וואַרט,
ווי קענען צוגעמאַכטן טויער פֿון דעם הימל.
דער שטיין צעוואַקסט זיך פֿינצטערער, און קוקט פֿאַרשטאַרט
אויף מיר, און אין די קריצן זײַנע גרינט דער שימל.
וואָלט איך געווען ווי שמשון גרויס און שטאַרק,
וואָלט איך דעם שטיין גענומען ווי צוויי פֿעסטונג־טירן,
און אים אַוועקגעטראָגן פֿון דעם קוזמיר־מאַרק,
זײַן כתב זאָל זיך פֿאַרקריצן אין די מאַרך־געהירן
פֿון מײַן פֿאַרוואָגלט פֿאָלק... איך שטיי אַנטקעגן אים,
און ווי אויף וואַקס — אויף מיר פֿאַרבלײַבן זײַנע קאַרבן,
ער זינגט דורך מיר מיט אַ כּל־נדרי׳דיקער שטים,
די אותיות אויף מײַן פּנים וועלן שוין ניט שטאַרבן.

# די איינגעזונקענע חופה

די נאַכט קוקט פון פאַרקראַטעוועטן שולהויף-קעלער,
נאָך הענגט דער וואָלקן פון צעפאַרענעם יאַריד.
די פענצטער אין דער שול פאַרטיפן זיך נאָך שמעלער,
און מיר פאַרטרויט אַ סוד אַ ניט-באַקאַנטער ייִד:

„אָט דאָ" — באַווייזט ער מיט אַ פינגער אויף דער ערד —
„אַ פּאָרל האָט אַמאָל אַ חתונה געפּראַוועט,
די חופה האָט דעם פרייטיק אויף דער נאַכט פאַרשטערט,
און צו קבלת שבת וואָכעדיק געהאַוועט.
איז דער רמ'א פון שול אַרויס, אַ קרייז געמאַכט,
און ס'איז אַראָפּ די חתונה אין כּף הקלע.
זינט דעמאָלט פלעגט מען הערן פרייטיק אויף דער נאַכט
דאָס שפּילן פון דער איינגעזונקענער קאַפּעליע.
נאָר זינט עס לויכטן ניט קיין שבת-ליכט
אין הייזער ייִדישע, מען הערט ניט מער די פידלען,
און ווען דער מאַרק-פּלאַץ ווערט מיט נאַכט-שאָטנס געדיכט,
מען הערט דאָ אין דער ערד זיך גראָבן קברים-רידלען."

דער ייִד פאַרשווינדט. און איך דערזע: דער וואַוועל-באַרג
דרייט אויס צו מיר די בראָנדזענע האַרמאַטן-לופעס,

ווי אויפגעשטאַנען וואָלט אַנטקעגן אים דער מאַרק — — —
און קלויסטער־גלאָקן קלינגען אוים מלכים־תקופות.
ווי שיפן פון דעם אָפּגרונט, הייבן זיך אַרויף
פון די געהיימע וואַוועל־קעלערן די טרומנעס,
און ביז צום שולהויף שווימט אַן דער קאַטעדרע־הויף,
די קלויסטערס קלינגען מלכותדיק אַזוי און סומנע.
און אויף דער צווייטער זייט פון ווייסל־בריק, פאַרשטויסן
ווי אין אַ זומפּ, דער קוזמיר ליגט און הויערט שטום.
דער וואַוועל קלינגט ווי אין אַ חגא־טאָג אַ גרויסן,
ביז ער שלאָפט ווידער איין אין מירמל־בעט פון רום.

אַ רייטער אויף אַ פערד אין פאַנצער און אין קיווער,
אַ פינצטערער אין אויסגעשטערנטן אין־סוף,
הענגט איבער דער קאַטעדרע, און ער וואַכט פאַרגליווערט,
ווי ער וואָלט אָפּגעהיט דעם קעניגלעכן שלאָף.
און מיטאַמאָל טוט ער פון באַרג־שפּיץ זיך אַ ריס,
ווי אַנגעשפּאַרנט צום געפעכט וואָלט זיך דער רייטער,
דאָס פערד הייבט אויף זיך אויף די הינטערשטע צוויי פיס,
און מיט זיין אויפגעשטעלטן עק די נאַכט צעשניידט ער.
די וואָלקנס פלאַצן אונטער זיין געשפּאַנטן בויך,
עס טרייסלט זיך די ערד, ווי ער וואָלט זי צעטראַטן,
דער רייטער טוט אַ שפּרונג צום הימל אין דער הויך,
און ווערט אין אויגנבליק ווי אַ סקעלעט — צעשאָטן.

דערהער איך דעמאָלט פון דער ערד אַ פרייד־געזאַנג,
ווי אָפּגעגראָבן וואָלטן זיך די חתן־כלה,
די חופּה וואַקסט אַרויס. אַרום איז אַ געדראַנג
פון אַלע מחותנים און די קלעזמער אַלע.

און אין געדריי פון הענט־געפלעכט און פיס־געטופּע,
רייסט אָפּ די גאַנצע חתונה זיך אומגעריכט,
און מיט דער פּריילעכער אַרויפגעשוועבטער חופּה,
שוועבט מיט דער פלעמל־טאַנץ פון ברענענדיקע ליכט.
און ס׳רייסן מיט זיך קעפּ אין פוטער־היטלען,
די גאַנצע עדה פון דעם באָדן פליט אַוועק,
די ליכט־שיין פלאַטערט אויפן ווינט, ווי ווייסע קיטלען,
און יעדער גאַרטל ווערט אַ ברענענדיקער עק.

און היים די יידן זינגען דבקותדיק פאַרגלייזט:
„וואָס טויג אונדז דענקמעלער פון בראַנדז וואָס גרינט פון שימל?
אַריינגעשמאָלצן איז דער בראַנדז אין אונדזער גייסט.״
און מיט די הענט די אויסגעשטרעקטע צו דעם הימל,
וואָס לויכטן אין דער נאַכט ווי מילכוועגן צעשטראַלטע —
די עדה שטייגט אַרויף. אַרום איז בלוי און שטיל.
און גרוים ווערט אויפן מאַרק־פּלאַץ, ווי די שול די אַלטע
וואַלט אויך אַרויף אין הימל מיט דעם פידל־שפּיל.

# די לעצטע חסידים

מיט פנימער, נאָך בלינד האַלב פון די קעלער־נעכט,
די נס־געבליבענע אין שטאָט־שול זיך פאַרזאַמלען,
און ווי דאָס ליכט די אָפּגעוווינטע אויגן שטעכט,
זיי קענען מער ניט דאַווענען ווי אַמאָל, נאָר שטאַמלען.
דעם אויסגעוויינטן נוסח וואַרפן זיי אַוועק,
און קהל איבער דעם צעפּליקטן סידור היפּערט.
זיי פילן מער ניט פאַר דעם יום הדין קיין שרעק,
ווייל יאָרן־לאַנג איז יעדער טאָג געווען יום־כיפּור.
און ווי דער ארון־קודש — זייער האַרץ איז פּוסט,
די לייבער — הויל, און דער פּרוכת — אָפּגעריסן,
האָט גאָט די פאַרמעטן אויך לעסטערן געמוזט? —
די לוחות זיינען שטיינערנע אין זיין געוויסן.

אַ ייד זוכט אין דער פּוסטער ווייבער־שול זיין פרוי.
זיין טלית הענגט, ווי פליגל צוויי אַראָפּגעלאָזטע,
צום עזרת־נשים קוקט ער שטאַר אַרויף אַזוי,
ווי פון אַ תפיסה דורך אַ קראַטע אַ פאַרראָסטער.
יום־כיפּור צו כל־נדרי — האָט דער ייד געמיינט —
וועט זיך אין ווייבער־שול אַ פאַרהאַנג טאָן אַן עפן,

פון מחזור וועלן זיך אוועקרייסן פארוויינטע
די אויגן פון זיין פרוי, און מיט זיין בליק זיך טרעפן.
נאר פון דער ווייבער־שול קוקט שטום אויף אים אראפ
די ליידיקייט. אמאל פלעגט ער דאך פאר אין קלויז גיין
זיין טאכטער בענטשן און פלעגט קושן זי אין קאפ —
און ס'קענען ניט די טרערן פון זיין האלדז ארויסגיין.

און איינער ווי פארמשפט ווארט, און אויף זיין האלדז
דער אויפגעדרייטער טלית, ווי א שטריק זיך הוידעט,
די תפילה ווערט אויף זיינע ליפן — ווייסער זאלץ,
און א געהיימעניש איז אין זיין בליק פארסודעט.
זיין פנים איז פארשפיצט ווי ער וואלט נאכגעפארשט:
פארגעסן שוין ניט זייער אומגליק די אבלים?
ווייל דער וואס לעבט אן זארג און נאך תענוגים דארשט —
איז ווי א מזרח־וואנט אין קלויז ווו ס'הענגט א צלם.

און איך אנטלויף פון וואכעדיקן יום־הדין.
אויף מיין געשריי צו גאט ווערט — אש אויף מיינע ליפן.
ס'דערגרייכט צו מיר א שטיל געזאנג פון א רואין,
און פון א פענצטער נעמט אויף מיר א שיין זיך זיפן.
און איך גיי נאך די שיין מיט אויסגעשטרעקטע הענט:
א חסידים־שטיבל ווי א הייליקע מחיצה
האט אויסגעשפרייט זיך צווישן שווארצע חורבה־ווענט,
און ס'דאווענען דארט די לעצטע חסידים פון גאליציע.
און פליטים, יונגעלייט וואס האבן ניט געדענקט
דעם אפשטאם, און זיך אפגעזאגט פון טאטנס פרומקייט,
זיי וויינען אויס, זיי זינגען אויס אצינד פארבענקט
פון זייער אלטער היים די אבלדיקע שטומקייט.

די לייבער שטייף אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק,
די הענט פֿאַררוקט אין גאַרטל, ווי ס׳וואָלט זיין דער חדר
אינמיטן טייך — אַ וואַקלענדיקע בריק,
און זייער אָנהאַלט איז דער גאַרטל אויף די קליידער.
דער מאַמעס שבתדיקע ליכט נאָך פֿאַלט אויף זיי,
און זקנים שאָקלען זיי ווי קינדער אין די וויגן,
מיט ווייסע בערד איז פֿול דאָס שטיבל ווי מיט שניי,
און מיט די קינדער לערנען זיי דעם רבינס ניגון.
זיי שפּרינגען הויך, ווי פֿייגל וואָלטן אויף אַ פֿעלד
געזאַמלט זיך — אַוועקצופֿליען אין די ווייטן,
זיי פּאַטשן מיט די הענט: „באַשעפֿער פֿון דער וועלט,
באַניי דאָס לעבן אונדזערס ווי אין אַלטע צייטן.”

פּאַריז, 1947.

# די מרכבה אין לאַגער אָשוויענטשים

אין לאַגער אָשווענטשים האָב איך דעם חזיון
געזען, וואָס יחזקאל ביים טייך־ברעג פון כבר,
דער סם וואָס געטריפט האָט פון הימל דעם גרויען,
אַריין איז אין גראָזן און אין מיינע האָר.
מיר זיינען געשטאַנען, פיר יידישע דיכטער,
געזויגן דעם גאַז פון פאַרגיפטיקטן ווינט,
און יעדער פון אונדז האָט געהאַט פיר געזיכטער —
אַ לייב און אַן אָדלער, אַן אָקס און אַ קינד.

באַפאַלן איז מיך די נביאישע מראה,
דאָס פייער פון דער קרעמאַטאָריע געברענט
האָט רויט אין דער מיט פון אַ פינצטערער כמאַרע,
און אין דעם געפלאַקער אַ שיין האָט געבלענדט.
דאָס ליכט־שיין צעעפנט האָט זיך ווי אַ וויע,
און גלייך ווי אַ שיף אויף דעם אייז־אָקעאַן,
אַ טראָנשטול געשטאַנען איז דאָרט אויף אַ קריע,
מיט כרובים באַפליגלטע אין דעם געשפאַן.
פון קופערנע לייבער געשפריצט האָבן פונקען,
און ווי עס וואָלט שווער זיי געוועזן די לאַסט,

זיי האָבן צו אונדז פון דעם פייער געוווּנקען —
אַריין זיינען מיר אין דעם פיר־שפּאַן מיט האַסט.

מיט אָקסענע נאַקנס און טעמפּע פּרצופים,
מיר טוען די בלויע מרכבה אַ שלעפּ,
אַ בראַך טוען אונדז זיך די קניען, די גופים,
די משא דריקט טיף אונדז אַרונטער די קעפּ.
און טרוקענע קרקע, פול שפּיציקע קיזלען,
מיר אַקערן איבער אין שווייסיקער מי,
ביז אונדזערע לייבער דערפילן ווי ס׳ריזלען
די ערדענע זאַפטן אין זוניקן גלי.

און הויך גיבן מיר זיך אַ טראַג ביז די הימלען, —
ווי איבער אַ תהום וואָלטן אָדלערס געקרייזט,
און איבער פאַראָבלטע שטחים וואָס דרימלען,
שוועבט דורך אויף אַ קריע פון בלענדיקן אייז
דער כסא הכבוד. אויף אונדזערע פליגל
מיר טראָגן אַריין אים אין זון־אונטערגאַנג,
ווי אין קרעמאַטאָריעס צעשמאָלצענעם טיגל
אַריין וואָלט אַן עדה מיט פרייד און געזאַנג.

מיר לאָזן מיט איינמאָל זיך האַסטיק אַרונטער,
און דרייען די חיהשע פּנימער אויס,
דער מדבר אין אונדזערע אויגן ברענט צונטער —
אַ מחנה פון לייבן פון הייל איז אַרויס.
געקוואַלט האָט די גבורה אין אונדזערע היפטן,
נאָר אויף די יאָרטוויזנטער גלייך ווי אויף זאַמד,
מיר זיינען געלעגן אין שלאָף אין פאַרטיפטן,

אין ראַד פון דער שקיעה די קעפּ איינגעראַמט,
ביז מיר האָבן אויפגעברילט — לייבן אַ סטאַיע.
אין וואָלקנס פון שטויב, אין געווירבל פון אַש,
מיר טראָגן אויף אונדזערע קעפּ דעם הויה,
מיט אַקסענעם שפּאַן און באַפליגלטן רעש.

עס טרייסלט די ערד זיך אין לאַגער אָשווענטשים,
אַ רגע שטעלט אָפּ זיך דער לייבן־געלויף,
מיר דרייען זיך אויס מיט פּרצופים פון מענטשן,
און איטלעכער קוקט צו דעם טראַנשטול ארויף.
מיר בענקען נאָך רו... ס'איז די ערד שוין צעאַקערט
פון אונדזערע טריט, נאָר מיר ציען דעם יאָך,
אין אַלע פיר זייטן בליצט אויף אַ געפלאַקער —
סאַפּירענער פלאַקער אין כמאריקן בראָך.

און פּלוצלינג דערזע איך: מיר זיינען סקעלעטן
וואָס טראָגן אויף אונדזערע אַקסלען אַ טראָן,
בלויז קנאָכנס און נאַקעטע פוס־ביינער טרעטן
אין פליגל פון כרובים צום שפּאַט אַנגעטאָן.
און דער וואָס צו אונדז האָט אַרונטערגענידערט,
אַז מיר זאָלן „קדוש" צו אים שפּרינגען הויך,
דערזעט אַז מיר זיינען אָן פלייש און אָן גלידער —
פאַרשווינדט ער אין דונער מיט פייער און רויך.

דער קנאַל וועקט מיך אויף. אין דעם טויט־לאַגער שטיי איך
מיט מיינע חברים. די אויגן פאַרגלאָזט.
ווי כלים פאַרזשאַווערטע אויף אַ מזבח,

מיר זעען בלויז קופעס פון אייזן און ראַסט.
אפילו קיין אַש איז ניט איבערגעבליבן,
בלויז ברוכווארג אַ קופּע פון אייזן-געשיר — — — —
די שטומקייט פון טויט-לאַגער האָט זיך פאַרקליבן
אין האַריקע גלאַציקע פנימער פיר.
ווי שטעכל-דראָט וואָלט זיי אינאיינעם פאַרקאָוועט,
פיר יידישע דיכטער זיך טוליען צונויף,
און איבער זיי שוועבט ניט דער כסא הכבוד —
נאָר גאַז-וואָלקנס לייגן אויף זיי זיך ארויף.

פאַריז, 1947.

# יחזקאל אין לאַגער אַשוויענטשים

אין טויט־לאַגער קומט דער באַשווערער פון טויטע,
ער זוכט אין אַשוויענטשים דעם טאָג פון די ביינער —
אין לאַגער מיט הילצערנע טורעמס פאַרבויטע,
בלויז שטעכל־דראָט טאַרטשעט ווי נאַקעטע ציינער.

אַמאָל האָט יחזקאל די ביינער גערופן
צום אָנציען הויט און צום אויפשטיין געמונטערט —
אַשוויענטשים צעשפּרייט האָט דאָס אַש פון די גופן,
דער רויך הענגט נאָך איצט פון די וואָלקנס אַרונטער.

דער ווינט פּראַלט די פּוסטע באַראַקן פונאַנדער,
און ברענגט דעם גערוך פון צעפאַלענע בגדים.
דער נביא פון גלות און אייביקן וואַנדער,
דערהערט ווי מען רופט אים: „בן אדם, בן אדם!

„דער פלאַם האָט קיין שפּור פון געביין ניט געלאָזן,
דער ווינט וואָס געוויגט האָט די טויטע אויף תליות,
וויגט איצט די פאַרטריקנטע שטעכיקע גראָזן,
ווי האַרבסטיקע שפּינוועבסן שווימען בלויז וויעס —

בלויז ווייעס ווי שפּינוועבסן שווימען אין אוויר,
אַ באַרג איז געבליבן פון ברוכוואַרג און אייזן.
בן אדם, קענסטו פון דעם ראַסט און דעם זשאַווער
דעם וואונדער פון תחית המתים באַווייזן?״

דערהערט עס יחזקאל און פאַלט אויף די שטויסן
פון שטוב־געשיר, מעסערס און גאָפּלען און בלעכן,
ווי ער וואָלט געוואָלט אין זיין יאוש דעם גרויסן,
אַליין מיט אַ שטומפּיקן שפּיץ זיך דערשטעכן.

דער באַרג פון חפצים פאַרראָסטע נעמט סקריפּען,
דער ווינט וועקט דעם נביא און רייסט פאַר די האָר אים,
אַן אָטעם באַרירט זיינע שטיינערנע ליפּן,
און ס׳לאָזט זיך אַראָפּ פון אַ וואָלקן אַן אָרעם:

„דערהייב זיך און בוי אויס אַ גלעזערנעם היכל,
און זיין וועט דער בנין דער נייער דער שענסטער,
ווייל צו אַ פאַרטרויערט געזיכט מיט אַ שמייכל
איז גלייך אַ געביידע מיט זוניקע פענצטער.

און נעם די געפעסן און פּוץ זיי און שייער,
אַז זיי זאָלן טויגן פאַר הייליקע כלים,
און טרעפסטו אַ מענטש וואָס אַרויס איז פון פייער,
דערצייל אים פון מקדש דעם נייעם, דערצייל אים.

בן אדם, דעם גלויביקן קרוין פאַר אַ כהן,
אויך יענע וואָס וואַקלען זיך — זאָלב פאַר לווים,

און דער וואָס דער פּיין האָט באַרויבט זיין פאַרטרויען,
דערוואַרים אים, מיט דיינע טרערן צערטלי אים.

און זאָג אים, ווי קיינמאָל ניט פאַר אים און נאָך אים,
מוז יעדער געבליבענער זיין איצט אַ גיבור,
און שטויב זיינען אוצרות פון אַלע מלכים,
אויב ער האָט זיין חורבן ניט איבערגעפיבערט.

נאָר ער זאָל ניט קיינמאָל דעם חורבן פאַרגעסן,
צו גרויס זיין פאַרשילט אים, בן אדם, און בענטש אים.
זיין דאַנק-קרבן ברענגען זאָל ער אין געפעסן,
וואָס ער האָט געפונען אין לאַגער אַשוויענטשים".

פּאַריז, 1947.

# קעלץ

...דער בראנפן האט געזעצט אין מוח אין די שענקען,
און אויף די שטערנס אויסגעטראפנט ביי דעם קלויסטער,
ביז דער המון פון מארד-באגער אן אויפגעברויזטער,
גענומען האט די גאנצע שטאט אריבערשווענקען.
און ס׳האט געפלאצט דער שליים וואס האט דעם זומפ פארצויגן,
און פוילעניש א בראך געטאן האט פון די ברעגעס,
און אלע אפגעלייגטע פעטע שווארצע רויגן
פון שנאה האבן זיך באפרוכפערט אין דער רגע.

ארוים איז מיטן האק-מעסער די באלעבאסטע,
פון ווארשטאט איז ארוים דער מייסטער מיט א פרענט,
און די געזעלן — מיט קאנאל-רערן פארראסטע,
און אויך די וואך געארבעט האט מיט שווארצע הענט.
אין פאליציי-מונדיר האט זיך א וואלף פארשטעקט,
די קיילער-האק האט ערביים גארטל אנגעהאנגען,
זי מיטן ארעם פון גערעכטיקייט פארדעקט,
און מיט דער הארדע דער צערייצטער מיטגעגאנגען.

דער כומר איז ארוים מיט צביעותדיקן פרעפל,
און זיינע תפילות, ווי פון פוילעניש א נעפל,

האָט איינגעהילט די אָנפּאַלער אין קדושה־שיין.
דער לערער איז אַרויס פון שול מיט די תלמידים,
און אויך דער בעטלער וואָס געשאָנקען האָט דער ייד אים,
און אויך די דינסט געוואָלט האָט ביי דער שמחה זיין.
ביז פון די פעלדער זיינען אויך אַראָפּ די שניטער,
בראש פון וואַלד־מורדים מיט וואַלדיקע געמיטער...
און זיך אויף אייך אַרויפגעשליידערט, מיינע ברידער,
און ווי פאַר גאָלד, פאַר אייערע פאַרקראַמפּטע גלידער
געקריגט זיך, הונדערט שטיינער פאַר איין שאַרבן,
און הונדערט הענט זיך האָבן צו איין גוף געריסן, —
געוואָלט האָט איטלעכער, אַז דו דורך אים זאָלסטו שטאַרבן,
אַז דווקא ער זאָל האָבן דיך אויף זיין געוויסן.

און דו ביסט פון דעם שחיטה־פּלאַץ האַלב טויט אַנטרונען,
געשלעפּט האָסטו, ווי פולע עמערס דיינע וואונדן,
נאָר אויף דיין לעצטן וועג דיין בלוט איז אויסגערונען,
און רויט האָט אויף דער ערד דיין שפּור זיך אָנגעצונדן.
דו ביסט געלאָפן צו דיין אַלט־באַקאַנטן שכן,
און צו זיין שוועל מיט בליי אין אָטעם קוים דערקראָכן.
דערזען האָסטו, דיין מאַמעס שבתדיקער טישטעך
ליגט אויפן טיש, ווי פּרייטיק אויף דער נאַכט פאַרשפּרייט,
און חזיר־פלייש און שנאַפּס איז אויפן טיש געגרייט,
דיין שכן האָט דעם פּעטן מויל אַרומגעווישט זיך.

און דו האָסט ניט דיין האָב און גוטס ביי אים געמאָנט,
דו האָסט אים בלויז די פריינדשאַפט אייערע דערמאָנט,
ווי דו וואָלטסט נאָך דיין העמד פון לייב אים צוגעטראָגן:
„געדענקסט, געוואַקסן זיינען מיר אין הויף צוזאַמען,

און ווען דיין טאַטע פֿלעגט אַ שיכורער דיך שלאָגן,
פֿלעגט אויסבאַהאַלטן דיך און געבן ברויט מיין מאַמע —
באַהאַלט מיך!״

נאָר דיין שכן האָט דיך ניט באַהאַלטן:
„ווייל דו באַהאַלטן האָסט אַ קריסטלעך קינד אין קעלער,
און עס געפּייניקט״... האָט דיין אָטעם זיך פֿאַרהאַלטן,
און ס׳איז פֿאַר דיר געוואָרן נאַכט — דער טאָג דער העלער.
און כאָטש דו האָסט דערזען שוין פֿויסטן, אייזנס, דרענגער,
פֿאַרהויבן אויף דיין קאָפּ, האָסטו פֿון טויט געלאַכט,
און אין דיין שכנס שטוב איז דיר געוואָרן ענגער
ווי אין דעם גרוב: „איז היינט די ערשטע סדר־נאַכט?
וואָס לייגט איר מיר אין שויס אַריין אַ טויט פֿרעמד קינד?
איז ווייניק מיר אַזוי פֿיל טויטע ברידער מיינע?״
געשפּרונגען זיינען זיי אין פּנים דיר ווי הינט,
און נאָכגעקרימט די לעצטע אויסגעשרייען דיינע.
און אין די אָנגעזויפּטע רוצחישע געזיכטער
דערזען האָסטו ניט בלויז דעם בלוט־בלבול דעם בלינדן —
זיי קוקן אויף די קליידער דיינע גיריק־ניכטער,
און מיט דיין הויט זיי ווילן עס אַרונטערשינדן.

און ווען דו ביסט אין גסיסה־אָנמאַכט שוין געזונקען,
זיי האָבן איבער דיר צונויפֿגערוקט די קעפּ,
ווי נאַכט־טייוואָלים דורשטיקע דיין קרעכץ געטרונקען,
און דיך געהאַקט און נאָך געשריען ביי די קלעפּ:
„פֿאַר אונדזער אָפּגעגאַרטער האָפֿענונג!״... פֿאַר דעם
וואָס ס׳ציט ניט זייער לאַנד זיך ביז דעם ים דעם שוואַרצן —
קומט דיר דער טויט. און איינער האָט געצופּט דיין ברעם,

און איינער האָט זיין פּוס פאַרקנאַטן אין דיין האַרצן.
זיי האָבן ניט געוואָלט זיך מינערן דעם תענוג,
און דיך געוואָרגן מיט מצורעדיקע פינגער,
זיי האָבן מיט די הוילע הענט דיך לאַנג געפּייניקט,
דער טויט זאָל דיר ניט אָנקומען פון לעבן גרינגער.

און ביי דער פּייניקונג געשטאַנען איז דער כומר:
פאַר דעם וואָס אין דעם לאַנד פון הייליקן קאַטויל
געהערט דעם קלויסטער ניט דער מענטש, די ערד, די בוימער,
דיר קומט ניט קיין רחמנותדיקער טויט — קיין קויל.
דער קלויסטער האָט געבענטשט דעם מאָרד מיט גלאָקן־קלאַנגען,
דער קלויסטער וויל שוין דיין נשמה מער ניט פאַנגען.
און ס'איז אַ חלום יענע צייט פון שייטער־הויפן,
ווען פאַר אַ גאָט האָט מען געקענט דאָס לעבן קויפן.

אָט איז ער דער המון! נאָר ער איז ניט דער זעלבער.
ער שטייט אויף אַלע גאַס־ווינקלען, ביי די געוועלבער.
געזעטיקט קוקט ער נאָך דעם צוג מיט די הרוגים,
אַזאַ־אַ רייך געשאַנק אויף איינמאָל איז גענוג אים.
ער וואָלט מיט חזיר־פלייש און טענץ געפּרייזט דעם זיג,
געפייערט וואָלט דאָס פאָלק די חגא פון דער שחיטה
מיט בראָנפן און מיט ווייב, ווי נאָך אַ גרויסן זיג
אַמאָל די העטמאַנעס פון פוילן און פון ליטע.

נאָר ערגסט בלייבן זיי, קיין חשד ניט אויפצוועקן,
זיי מישן אַלע, אַלע זיך צונויף אינאיינעם,
בלויז גאָט קען צווישן זיי דעם שולדיקן אַנטפּלעקן,
ווייל זיין געזיכט אַ מאַסקע איז פון קאַלטן שטיין אים.

און רואיק איז ער, ס'וועט דאָך ניט דער ייד דער טויטער
אַ פינגער אויפהייבן און שטום אויף אים באַווייזן,
און ניט פאַרחתמעט האָט דער פנים דער פאַרבלויטער
פון מת — דעם אויסזען פון רוצח מיט זיין אייזן.

קען זיין, דער זעלביקער וואָס האָט אַרויסגענומען
אַ קינד פון מאַמעס בויך, ווי האָניק פון אַ בינשטאָק,
איז דאָן, ווי נאָך אַ טאָג פון מי אַהיים געקומען,
און פון אַ קענדל אויפגעגאָסן זיך ביים רינשטאָק,
און זיינע איינגעריכטע הענט אַרומגעוואַשן,
און אויפן ראַנד פון טיש אַוועקגעזעצט זיין קינד,
אים פאָטערלעך געקאָרמעט זיסוואַרג פון די טאַשן,
און האָט געפילט, אין קינד וואַקסט ער אַליין אַצינד.

און איר, העל-בלאָנדע פריילינס מיט די בלויע אויגן,
איר זייט דאָך באַרעמהאַרציק, פרום אַזוי און ווייך,
אַזאַ לוויה-צוג אויף וויאַרסטן אויסגעצויגן,
אַזוי פיל בר-מיננס — און איר ווערט גאָרניט בלייך?
ווען איר וואָלט זען אַראָפּשיסן אַ שוואַלב פון נעסטל,
וואָלט איר ביים קרייץ געכאַפּט זיך און געברענט פון צאָרן.
דאָס איז אַ חודש-קינד! און ווי אַ צירונג-קעסטל
וואָס שטייט ביים שפּיגל, שטייט עס אויף דער מאַמעס ארון.

און דו, פאַרזאָרגטע מוטער ביי דעם קינדער-וועגל,
געפירט האָסטו דיין קינד שפּאַצירן מיטן שטעגל,
איז גאָר דער וועג פאַרשפּאַרט מיט לאַסט-אויטאָמאָבילן,
און קאַסטנס, קאַסטנס, קאַסטנס וויגן זיך אין ריי.
ווייל אפשר זיך דערוויל דיין מיידעלע פאַרשפּילן?

ליגט דאָ געגרייט אין קלענסטן קעסטעלע פון זיי
אַן עופּהלע, ווי אַ קרישטאָלענע בת־מלכּה,
דאָס קעסטעלע צעעפן, גיב דיין קינד — אַ ליאַלקע.

איצט נעמט אַרויף די קאַסטנס אויף די אַקסל, טרעגער,
און טראָגט זיי אין דעם גרויסן ברודער־גרוב אַריין,
פילט אַן זי ווי אַן אויסגעברענטן טייך־געלעגער,
און ווי די וועלט מיט אומרעכט — פול דער גרוב זאָל זיין.
נאָר ערד זאָלט איר ניט שיטן, ביז איך צייל ניט איבער
די אומגעבראַכטע. לאָזט מיך שטיין אין גרוב אינמיטן.
אַריינגיין זאָל אין מיר דער אויסגעקילטער פיבער
פון די, וואָס זייער שטאָם איז אין מיין בלוט פאַרשניטן.

אָט דער האָט זיך געראַטעוועט פון טויטן־קאַמער.
פאַרוואָס האָט ער אַזוי אַן לעבן זיך געקלאַמערט?
האָט ער אין מין פון מענטשן ווייטער נאָך געגלויבט?
האָט אים זיין עלנט ווי די נאַכט־שטילקייט פאַרטויבט?
וואָס האָט דער גורל בייז געשפּילט מיט אים אַזוי,
אַז דווקא ער, דער איינזאַמסטער, זאָל לעבן בלייבן?
זיין לאַגער־נומער אויף זיין האַנט פאַרקריצט מיט בלוי,
זאָלסטו, אַ גאָט, אויף זיין מצבה־שטיין פאַרשרייבן,
און אויפן שטערן פון דער וועלט פאַרשרייב עס, גאָט!

„פּה נקבר... דאָ באַהאַלטן ליגט אַ ייד — אַ נומער,
וואָס איז געלעגן אונטער שטעכעדיקן דראָט,
און האָט זיין אויסלייזונג פון פיין דערוואַרט אַ שטומער.
בחינם אָבער האָט ער אויפן טויט געוואַרט,

אין לאגערן אין זיבן איז ער ניט געשטאָרבן,
און נאָכן שלום האָט דער גורל אים פאַרנאַרט,
און דורך אַ מערדער איינגעמאָנט זיין אַלטן קרבן."

און דער האָט אין אַ פרעמדן אויסזען זיך באַהאַלטן,
אַריינגעשרויפט אין אויג אַ בלויען בליק פון שטאָל,
און זיך צעשניטן מיטן בליק פון שטאָל דעם קאַלטן,
און ס'האָט געוואָרגן אים זיין אויסגעבאָרגטער קול.
בייטאָג האָט ער געשטאַרט אַן מראה ווי אַ סאַווע,
ביינאַכט געוואַקסן איז זיין פחד ווי אַ שאָטן;
ער האָט געליטן ווי דאָס פנים פון יעהאָווע,
וואָס געצנדינער האָבן אים אין לייס פאַרקנאָטן.

און ווען מען האָט די יידן צו דעם גרוב געטריבן,
און דער המון האָט זיך געזאַמלט אויף בייז-וווּנדער,
איז ער ווי אויף אַ ווילדן ים-אינדזל אַליין געבליבן
אין דעם געדראַנג, אַן אָפּגעשטויסענער, באַזונדער.
מיט זאַלץ אין אויסגענאָגטן קעל, פאַרברענט פון דאָרשט,
האָט ער געגלאָצט אויף די, וואָס האָבן שטאַר און אָפן
געטראָגן זייער יידישקייט. און ער איז קוים אַנטלאָפן,
ווייל זייער בליק האָט אים באַמערקט און נאָכגעפאָרשט,
דער בליק האָט אין זיין מארך-געוועב זיך איינגעבויערט — — —
און ווען די גאַנצע עדה איז געווען שוין טויט,
איז נאָך דער בליק אויף אים געהאנגען מיט באַדויער,
און פון זיין גוף אַראָפּגעשלעפּט די פרעמדע הויט.

ביז ס'האָט דערוואַרט זיך די באַפרייאונג דער פאַרשטעלטער,
און אָפּגעטריקנט האָט דאָס לייס אויף זיין געזיכט,

ער האָט געמיינט, זיין קוואַל פון ליכט דער אָנגעקוועלטער,
וועט הייליק ווערן ביי דער וועלט וואָס גאַרט נאָך ליכט.
נאָר ליב דעם ערב־רב איז בלויז דער גלאַנץ פון האַק,
און ער פאַרבלענדט האָט זייער חשכות מיט זיין אויסזען —
איז האָבן זיי דערשטיקט אים אין אַ זאַק,
ער זאָל מער קיינמאָל ניט זיין יידישקייט אַנטבלויזן.

דו שמייכלסט טויטערהייט. פאַרקאַשערט איז דיין ברעם
צום הימל. פריי ביסטו שוין איצט פון קלעם.
פאַרגיב ניט, אויב אַפילו גאָט וועט אויף די קני
ביי דיר אין קבר בעטן פאַר דער וועלט פאַרגעבונג,
זאָל פייניקן די וועלט ביינאַכט און אינדערפרי
די טאָפּלטע יסורים פון דיין טאָפּלט לעבן.

און דער האָט זיך געשטיקט אין רויך פון אַלע פּראָנטן,
דעם קאָפּ אַרומגעוויקלט מיט די האָריזאָנטן,
ווי מיט צעפליקטע בינדעס. און אין קורצן דרעמל
געזען זיין שטוב. אין פענצטער רופט און שלוכצט אַ פלעמל.
האָט ער געריסן זיך פאַראויס אין דער אַטאַקע,
געוואָלט האָט ער אַרויפשטעכן אויף זיין באַגנעט
די גאַנצע ערד־קויל, און אַ שליידער טאָן זי נאַקעט
אַנטקעגן די וואָס האָבן בייז זיין מוט באַרעדט — — —

און ווען מען האָט געבראַכט פאַרווונדעט אין שפּיטאָל אים,
האָט ער געטרייסלט זיך פון פּחד פאַרן שלום — — —
און די באַפרייאונג דורכגעשווידערט האָט מיט גרויל אים:
„אַ, גאָט איך קום צוריק צו אַ בית־עולם“...
און ער איז אין זיין הײם־שטאָט שטיל אַריינגעהונקען,

און ס׳האָבן אויף זיין ברוסט געגליט די גבורה־צייכנס,
זיי האָבן גאָלדיק פון זיין ברוסט אַראָפּגעוווּנקען,
נאָר ראָסט געווען איז אויף זיין פּנים אויף דעם בלייכן.

און אַלע שטאָט־באַוווינער פלעגן אים פאַרבייגיין,
און שפּאַטיש אָנגעקוקט אים מיט אַ שטעכיק שווייגן.
און זיינע וווּנדן האָבן זיי מיט חשד באַטראַכט:
האָט ער באמת זיי באַקומען אין געשלעגן?
און געל פון גאַל זיי האָבן אין דער וואָנס געלאַכט:
ווייל ער ניט מאַכן פון זיין קוליע אַ פאַרמעגן?
ווייל ער ניט אָפּנעמען צוריק זיין פאָטערס הויז?
צי מאָנט ער ניט דאָס רעכט אונדז בראָנפן צו פאַרקויפן?
ווייל ער ניט זיין ווי בערעק יאָסעלעוויטש גרויס? —
און שטיינער האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַ הויפן.
אַראָפּגעלאָזט האָט ער זיין קאָפּ, די הענט די מידע,
און פון זיין ברוסט, פון אונטער די מעדאַלן,
געעפנט האָבן זיינע וווּנדן זיך ווי קוואַלן,
און ניט דער טויט איז שווער געווען אים, נאָר די בגידה.

און דער אַנטלאָפן איז פון קריג־געשפּענסט און שחיטה
אין צפון. שטאַל געהאַרטעוועט אין די פאַבריקן.
און אין די לאַנגע נעכט די פּראָסטיקע געשמידטע,
האָט אויף זיין שויב די היים געבליט פאַר זיינע בליקן.
האָט ער געשטילט זיין אומרו און זיין האַרץ געטרייסט:
זיין אַלטער שכן ווייס שוין איצט וואָס קנעכטשאַפט הייסט.
און ווען דער שכן וועט דערזען אים אין דער היים,
וועט ער מחילה אים פאַר אַלע צייטן בעטן —

נאָר דער וואָס האָט געזען צעטרעטן אונדז ווי ליים,
וויל זיין דער באַלעבאָס און ער אַליין וויל טרעטן.

ס׳האָט דער אַנטלאָפענער וואָס האָט זיך אומגעקערט
דערזען, זיין האָפענונג איז ווי זיין שטיבל חרוב,
ס׳האָט קיינער צו זיין שבועה זיך ניט צוגעהערט:
„אַ לאָזט מיך אויפבויען מיין הויז. פאַר מיר איז ערוב
די בענקשאַפט מיינע. זי האָט ווי אַ שטורעם-ווינט
וואָס שלעפּט צוריק אַ פייגל-מחנה, מיך צוריקגעטריבן.
כ׳בין ערוב מיט מיין וואָגלעניש, מיט ווייב און קינד,
מיט די מצבות וואָס דאָ זיינען נאָך געבליבן,
און מיט מיין בלוט וועל איך אַליין עס אונטערשרייבן,
אַז איך בין בלויז אַ וועכטער... בלויז אַ וועכטער בין איך
פון דעם בית-עולם, ער זאָל ניט אַליין פאַרבלייבן,
ביז אויפן ברעג פון פעלד אויך רו פאַר זיך געפין איך.״

אַזוי האָט דער צוריקגעקומענער געבעטלט,
נאָר דער וואָס האָט געירשנט אויפן מאַרק די קראָמען,
וויל מער ניט זען דעם אַלטן באַלעבאָס אין שטעטל,
וואָס האָט צוריקגעבראַכט ווי אַ שטר-חוב — זיין נאָמען.
ער דאַרף דעם שלעפּער ניט וואָס גיט זיין בלוט אין ערבות.
אַרויפגעשליידערט האָבן זיי זיך אויפן ייד:
— דערהרגענען דעם עדות וואָס שלעפּט אום זיך באָרוועס,
און זעט ווי מיט זיין אייגנס האַנדלט דער יאַריד!

איצט שווייגט איר אין די קאַסטנס, ברידער אומגעבראַכטע,
ווי איר וואָלט וועלן אין די תיבות די פאַרמאַכטע
באַהאַלטן זיך פון מבול... פאַלשער רעגנבויגן,

וואָלסטו זיך ווי אַ שלייף אויף גאָר דער וועלט פאַרצויגן!
אויף די ארונות פאַלן טעמפּ די רידלען זאַמד,
און דעם געיאָמער דעם פאַרשטאַרקטן זיי פאַרטויבן,
דער אַנשיט וואַקסט, און אַ געשטאַלט וואַקסט אויס פון אויבן,
ווי ער וואָלט אין דער ראָד פון שקיעה אויפגעפלאַמט.
ער קוקט אַראָפּ צום קבר ווי די טויטע וואָלטן
אַרומגעקלאַמערט אים, געציטערט און געשטאַמלט,
און אַרום אים, דעם קריסט און פּאָליאַק, זיך געזאַמלט...

ווי אַן אַפּאָסטאָל שרייט ער: „גאָט האָט אונדז פאַרשאָלטן!
דער בייזוויליקער לאָזט דאָס לאַנד ניט זייען, ברויט
זאָל וואַקסן. קברים, וויל ער, זאָלן וואַקסן בעסער.
ער ליגט אין וואַלד, און קראַמפּט פון תענוג ווען זיין מעסער
שניידט איין אין מענטשן־לייב זיך זאַפטיק ווי אין קרויט,
און טוט אויף אים אַ שפּריץ מיט בלוט ווי טוי פון גראָזן —
ער האָט די ערד פאַרלאָזט, ווי גאָט האָט אים פאַרלאָזן.

ער האָט געלעסטערט אונדזער ראַנגלעניש פאַר פריי זיין,
ער וויל אַז אונדזער אָדלער ווערן זאָל — אַ קראָ.
קאַטוילן, ווילט איר דער רוצח זאָל באַווייזן,
אַז יעזוס איז אין אונדזער קלויסטער מער ניטאָ?
ווילט איר מיצקעוויטש זאָל אין בראַנדז געשמידט זיך שעמען?
ווילט איר קאָשטשיושקאָ זאָל זיין שווער די שווערד אין שייד?
פּאָליאַקן, פּוצט איר אויס זיך בלויז אין גרויסע נעמען,
ווי צוגענייטע קנעפּ צו אַ צעריסן קלייד?
קאַטוילן, דאָס איז אייער ליבע צו דעם נאָנטן?
פּאָליאַקן, דאָס איז אייער טריישאַפט צו דעם לאַנד?

אַ שאַנד! אין שוואַרצע קליידער דאַרפֿן מיר זיך אָנטאָן,
און שרייען מיט פֿאַרשטעלטע פּנימער: אַ שאַנד!"

נאָר אויף די רוצחים צינדט ניט אָן זיך רויט דער שראַם
פֿון קין־מאָרד. זיי שטייען פֿינצטערע און שווייגן.
און דער אַפּאָסטאָל בייגט זיך, ווי אַן אַלטער שטאַם
באַלאָדן מיט דער לאַסט פֿון אָפּגעדאַרטע צווייגן.
אַ פּאָליאַק קוקט דערצאָרנט אויף מיין האַלדז און נאַקן,
און אין זיין בליק בלייבט שטיין — די שאַרף פֿון קבר־רידל,
צי וויל ער ניט דעם קאָפּ פֿון מיר אַרונטערהאַקן,
און שטום מאַכן מיין קעל, ווי אַ געפּלאַצטע פֿידל?

בלויז ער, דער זינד־מאַנער, ער שטייט די הענט צעשפּרייט,
ווי ער געוואויגן וואָלט די משא פֿון פֿאַרברעכן,
בלויז אונדז אבלים טרעפֿן זיינע האַרבע רייד,
ביז ס'נעמען זיך ביי אונדז די קניען אונטערברעכן.

דער שטראָפֿער זעט, ס'איז אויך אין זייער שווייגן — מאָרד...
און אים אַליין נאָר טרעפֿט דער אָפּהילך פֿון זיין וואָרט,
אַ שווינדער נעמט אים דורך און שטום גייט ער אַראָפּ,
די גרוויע לאָקן זיינע פֿלאַטערן צעשויבערט,
דאָס פֿייער פֿון געפּאַר ברענט איצט אַרום זיין קאָפּ,
ער האָט די חיות פֿון די וועלדער ניט פֿאַרצויבערט.

און אַ פֿאַרשעמטער שטייט ער צווישן אונדז אבלים,
ווי ער וואָלט אויסגעטאָן פֿון זיך צוויי טויזנט יאָר,
און איז צוריק אַ ייד געוואָרן אין דעם דור,
ווען דעם פֿאַרברעכן בענטשט — דער אויסגעשטרעקטער צלם.

און עלטער עלטער ווערט ער, ביז ער ווערט אברהם,
וואָס שטייט פאַרנאַכט אין פעלד און אויף זיין פנים פלאַקערט
דער צער פון וועלט-פאַרגאַנג. ער בעט ביי גאָט ביי סדום,
און אויף זיין פנים ליגט שוין איר גזר-דין פאַראַקערט.

אבלים, ברידער מיינע, וויינט נישט, שרייט נישט הויך,
דער מערדער קען דאָ שטיין — איז טוט נישט אָן די פרייד אים.
און די הרוגים זאָלט איר נישט באַשווערן אויך
מיט ווערטער הויך-באַפליגלטע אין די הספדים.
זעט, ברידער, זעט, ווי ווייניק אָרט פאַרנעמען
אַזוי פיל גופים. און פאַר זיי האָט אויסגעפעלט
אַ ברויט און אַ געלעגער אויף דער גאַנצער וועלט?
זאָלט איר, אבלים, זייער גורל נישט פאַרשעמען
מיט מצדיק זיין דעם דין. ווייל גאָט האָט זיי פאַרשעמט,
געוואָלט זיי האָבן ווי אַ ריין געוואַשן העמד,
אים אָפּגעבן דעם קערפּער זייערן אַ גאַנצן,
האָט ער איבערגעענטפערט זיי אין הענט פון טמאים —
דערלאָזט האָט דער באַשעפער, שענדער זאָלן טאַנצן
אַרום זיין בילד און עס פאַרקריפּלען, ווינד און ווייַ אים.

באַהאַלטענע אָן נעמען, קדושים נישט דערקענטע,
אַליין די מאַמעס וואָלטן איצט אייך נישט דערקענען,
זאָל אייער לייב, ווי וואַקס-ליכט נישט דערברענטע,
אין פנים פון דער שקיעה אייביק ברענען.
דער קערפּער דער צעטראָטענער וואָס מיר באַוויינען,
האָט דען געהאַט אַמאָל אַ צלם אלהים?
איז עס אַ מענטש געווען? גאָט אַליין קען מיינען,
אַז אויסגעטראַכט אַ בלבול האָבן מיר אויף אים.

קוק איין זיך אין דיין אָפּבילד, גאָט, איז עס דיין פּורעם?
קענסטו דערקענען זיך אין דעם צעהאַקטן שפּיגל?
דו קענסט דאָך איבערשאַפן וועלטן אין דיין שטורעם,
קענסטו דעם קבר ניט פאַרוואַנדלען אין אַ וויגל,
און דעם צעפּליישטן הרוג אין אַ קינד וואָס דרימלט?
דו קענסט ניט? — איז אַ ליגן איבער אונדז דיין הימל!

און דער וואָס זאָגט: „אַ גאָט, די גאַנצע וועלט געהערט דיר,
און די קרבנות טרייסטו, און באַשטראָפסט דעם מערדער —
דער לאָזט די בר־מינַנם אין זייער גרוב ניט ליגן,
הרוגים קען מען ניט ווי קינדערלעך פאַרוויגן.
און ווען עס וועט דער אַסיען־ווינט די בלעטער טרייבן,
די שאָטנס פון די טויטע וועלן זיך ניט קלייבן,
און זייער אומברענגער פאַרשלעפן צו די גריבער —
ער גייט די קברים ווי אַ פּוסטן מאַרק אַריבער.

און טרייסט די טויטע ניט, אַז הייליק איז דער גרונט,
און אַז זיי ליגן ביי די קברים פון די זיידעס,
פאַרשיט מיט ערד ניט זייער קוואַלענדיקע וווּנד,
די איינגעפאַלענע מצבות זיינען עדות:
פון דאַנען וואָלטן אויך דעם זיידנס ווייסע ביינער
אַוועקגעוואַנדערט מיט די מאָך־באַדעקטע שטיינער!

פאַר אונדזער זינד! פאַר אונדזער גלויבן דער לעגענדע,
אַז אונדזער זיידן דעם פאַרחוזקטן, פאַרהאַסטן,
געווען איז גוט צו האַלטן דאָ די שענק־אַרענדע —
מיר זיינען שולדיק פאַר די טויטע אין די קאַסטנס.
פאַר אונדזער זינד, און פאַר די זינד פון אונדזער טאַטן,

וואָס האָט באַדינט די דערפער מיט זיין שניידער-נאָדל,
געפּלייסט זיך און געמיינסטערט פּריצישע כאַלאַטן,
ווי ער געניית וואָלט קליידער פאַר דעם כהן גדול...
און מיט זיין פרומער פּאָלע און זיין לאַנגער ציצה
געגלעט די ערד פון ליטע, פּוילן און גאַליציע — — —

פאַר אונדזער זיגד! ווייל אונדזערע פאַרטרויטע טעכטער
געחלומט האָבן זיין כאַטש קעפּס ווייבער ביי וועכטער
פון בראַנדזענע מלכים אויף די קאַטאַפּאַלקן,
אין קלויסטער אונטער דעם געוועלבטן קעלער-באַלקן;
די טעכטער אונדזערע וואָס האָבן מאַטקע-באַסקעס
געזען פאַר זייער בליק, און ניט די מאַמע שרהן,
און זיך געפילט אין לאַנד ווי היימישע בעריאָזקעס —
דערפאַר איז אויך די ערד דאָ אומטריי אונדז געוואָרן.

מיר האָבן אָנגעבאָטן זיך אויף די געמאַרקן:
„ווער דאַרף אַן אַרבעטער פאַר אַ מלאכה בזויה?
ווער דאַרף אַ ברעט אין אַ צעלייגטן אַלטן פאַרקן?”
און ווער עס איז נאָך אומגעגאַנגען קריעה בליה
האָט אונדז אַריינגעלאָזט. מיר האָבן אָנגעטאָן אים.
דאָן האָט ער אונדז פאַריאָגט מיט אַ געפּאַטשטן פּנים.

וואָלט זיך פאַר אונדז אַ נייע וועלט-טייל אָפּגעפונען,
וואָלט פון אַ ים דאָס זאַלץ-וואַסער אַרויסגערונען,
דערוואַרעמט וואָלט דעם אייז-ים אונדזער לעצטער אָטעם.
מיר זייגען גרייט באַוואַסערן אַ קאַנט אַ וויסטן,
מיר זייגען גרייט עס זאָלן אויסוואַקסן אונדז בריסטן,
מיר זאָלן ווערן זויגערינס ביי ווילדע שבטים.

נאָר קליין געוואָרן איז אַצינד די וועלט די גרויסע,
זיי האָבן שוין אַליין דערלערנט אַלע תורות,
געבליבן ווי ציגיינער זיינען מיר אינדרויסן,
באַלאָדענע מיט קינדער און געפּעק פון דורות.

ווי צו דעם נביאס בלוט וואָס האָט געקאָכט, געזאָטן,
דאָס בלוט וואָס דער המון אין מקדש האָט פאַרגאָסן,
איך רוף צו אייך, געטויטע, שוין מיט ערד פאַרשאָטן:
אויב איר אין קבר קענט ניט רוען איינגעשלאָסן,
זאָל אייער בלוט אַרויסשלאָגן פון גרוב אין פלאַמען,
און זייט ביי זייט פאַרזינקען וועלן מיר צוזאַמען.

לאָדזש, 1946.

# דער שולדיקער

די שקיעה — אַ לייב אויפֿן שוועל פֿון מיין קאַמער —
פֿאַרשפּאַרט דעם אַרויסגאַנג. איך שפּרינג אַף, פֿאַרהאַמער
די טיר און פֿאַרקריך אויף מיין בעט אינדערפֿינצטער,
צו מיר זאָל ניט גרייכן דער טאָג-שיין דער מינדסטער.
איך ליג אַ פֿאַרמשפּטער שטום אויף מיין נאַרע,
ביז איבער מיין פּנים פֿאַרציט זיך אַ כמאַרע,
און טויט-גליוועער גייט מיינע אויגן אַריבער.

דאַן עפֿענען זיך אין דער פֿינצטער די גריבער,
איך הער אייך פֿאַרפּייניקטע ברידער מיך רופֿן,
מיין גוף בלוטיקט אויס פֿון זיך טויזנטער גופֿן,
אינאיינעם מיט אַלעמען פֿויל איך אויף מיסטן,
אין פּוילענישׁ פֿיל איך, עס וואַקסן מיר בריסטן,
און יידענע צעפּ און אַ קינד אויף מיין אָרעם,
דאָס קינד זויגט מיין ברוסט און מיין מאַרך זויגט דער וואָרעם.

אַ זקן בין איך מיט פֿאַרדבקהטע אויגן,
מיין תּפֿילה איז נאָך ניט צום הימל דערפֿלויגן,
אַ קויל איז אַריין אין מיין גאָרגל און זשיפּעט;

אַ יינגל בין איך וואָס לויפֿט האַסטיק און כליפּעט,
אים יאָגט נאָך אַ שייער אין נאַכט אַנגעצונדן,
דאָרט פֿלאַקערן טאַטע און מאַמע געבונדן.

און לעבעדיק ווער איך אין זאַמד איינגעוואַקסן,
נאָר ווען עס דערגרייכט שוין די ערד צו מיין אַקסל,
איך וואַקס אַרויס העכער — און קען אַלץ ניט שטאַרבן,
דאַן שטעכט אַ באַגנעט זיך אַריין אין מיין שאַרבן,
און קלעפּיק און זיס ווערט דאָס בלוט אויף מיין גומען —
פֿון פֿיין אַ דערלייזטער פֿאַרזינק איך אין שטומען.

אין וויאַרסטיקע קברים מיט שוים אויף די מיילער,
אַנידערגעוואַלגערט ווי פֿי פֿאַר דעם קיילער,
אויף וואַלדיקע הערנער די קעפּ אַנגעצויגן,
מיט שטוינונג אין רויט-אַנגעצונדענע אויגן,
מיר ליגן אַזוי איינער נעבן דעם צווייטן,
ווי מיר וואָלטן שטאַרבן זיך נאָכאַמאָל גרייטן,
פֿאַרקלאַמערט די האַנט אין דער האַנט פֿון דעם חבֿר,
פֿאַרוואַקסן אינאיינעם מיט מאַרך און מיט גאַווער,
אַזוי ווי אַ וואַלד נאָך אַ שטורעם אין שווייגן,
פֿאַרפֿלאָנטערט די וואָרצלען, פֿאַרבראָכן די צווייגן,
אויף מיילן ווייט איבער דער ברייט פֿון איראָפּע,
די קברים מיט שטיוול און פֿערד איינגעקאָפּעט —
עס זאָל אויפֿן שוועל פֿון דעם נייעם באַגינען
מער קיינער ניט אונדזערע קברים געפֿינען.

דער שולדיקער אָבער מיין קבֿר וועט טרעפֿן.
דער שולדיקער קומט! נאָך איך טו ניט קיין עפֿן

די אויגן. ער שלייכט זיך אריין אויף די קניען,
און קושט אוים פון מיינע פאַרגליווערטע וויען
די טרערן. מיט ליבשאַפט באַהויכט ער מיין פנים,
און איך מיט געשלאָסענע אויגן דערקאָן אים:

ס'איז ער, וואָס באַשטראָפט און דערנאָכדעם באַדויערט,
ווייל נאָך דעם שגעון באַפאַלט אים אַ טרויער.
מיין טאַטע האָט אים אויסגעפינצטערט אַלמעכטיק,
מיט שרעק און הכנעה זיין משפט באַרעכטיקט.
נאָר ער, וואָס באַשטראָפט און דערנאָכדעם באַדויערט,
פאַרפלאָנטערט האָט זיך אין זיין אייגענעם דויער,
ער רופט צו זיין חלום פון אור־צייט זיך איבער,
און קומט צו די טויטע אין זייערע גריבער,
אַזוי ווי אַ טויב ביי די קוואַלן די שטילע,
און בעט פאַר דעם לעבן און טויט אונדז מחילה.

אין אייביקן חלום פון ליימיקן גליווער,
דעם שולדיקן זע איך און שמייכל אַ סיווער.
אין ברודער־גרוב בין איך אַ זקן געוואָרן,
פון מיר רעדט די בושה פון טויזנטער יאָרן:
„ביי טויטע אין קברים דו בעטלסט פאַרגעבונג?
נאָר קענסטו דען גאַנץ מאַכן ווידער די וועבונג
פון בלוט וואָס געשפּילט האָט, ווי וויין אין געפעסן,
אין קערפערס, וואָס ווערן פון שטויב איצט געפרעסן?"

ער שלייכט זיך אַרוים פון מגפה־פאַרפעכטן
מיליאָניקן קבר, באַהאַנגען מיט פלעכטן,

ווי פלאַנצונגען פוילע פאַרשפּינט אויף אַ וואַסער,
און אונטער די פלעכטן זיין פּנים ווערט בלאַסער — — — --
און קומט באַלד צוריק אויף די פליגל פון שטורעם,
אַ ווירבל אַ פלאַמיקער יאָגט אויפן שפּור אים,
אַ כמאַרע זיך וויקלט אַרום זיינע לענדן,
די אויגן פון אונטער די בליץ-ברעמען בלענדן,
ווי העק נאָך אַ מאָרד אין אַ טייך אָפּגעשווענקטע.
דער שטערן געקאַרבט פון מחשבות, געדענקטע
אין אייביקן חושך פון היילן געהיימע,
וואָס וואַרפט אויפן גייער אין מדבר אַן אימה.
ס׳איז ער וואָס באַווייזט זיך אין דונער און האָגל,
אין פינצטערע קעלערס, אין אייביקן וואָגל
מיר האָבן דערוואַרט אים, דעם נוקם ונוטר,
אַט קומט ער און אונדזערע פייניקער טויט ער.

איצט איז ער געקומען אין אונדזערע קברים,
און שווערט אויסגעצויגן דעם נאַקעטן אָרעם,
ער שווערט — און די אונטערערד פול ווערט מיט רויכן,
אַ פלאַם שלאָגט אַרויס פון די באַרגיקע הויכן,
די דונערן הילכן פון תהומען צו תהומען:
„אַ שטראָף אַזאַ קומט וואָס האָט נאָך ניט קיין נאָמען,
אַ גזר וואָס וועט אָנפילן פעלדזן מיט ציטער,
אַזוי וועט זיין שווער די באַשטראָפונג און ביטער.״
ער שווערט, און עס פרייען זיך אויך אויף די שטערן
די דורות וואָס דאַרפן געבוירן נאָך ווערן,
און וואַרטן פאַרטוליעט אין חלום פאַרבאָרגן,
ווי פייגל אין נעסטן דערוואַרטן פרימאָרגן.

די בר־מיננס אָבער אינאײנעם פֿאַרקלעמטע,
פֿאַרגליווערטע שטומען, ווי כלות פֿאַרשעמטע
פֿון שענדער פֿאַרשוועכט אויפֿן וועג צו דער חופּה.
עס טוט ניט קיין ריר זיך די פֿליישיקע קופּע
פֿון לייבער פֿאַרקריפּלטע, בלינדע און לאָמע.
און איך ענטפֿער אָפּ: „אָ, דו גאָט פֿון נקמה,
די טויטע וואָס ליגן אין זאַמדן באַגראָבן —
וואָס קענען זיי פֿון דיין נקמה שוין האָבן?"

פֿאַרשווינדט ער אין שטורעם — און קומט צוריק ווידער
פֿאַרהילט אין אַ שלייער פֿון שטראַלן די גלידער,
אים טריפֿט פֿון די הענט נאָך דער טוי פֿון באַשאַפֿונג.
און גלייך ווי פֿאַרטאָג פֿון אַ ים־שטילן האַפֿן
אַ שיף זעגלט אָפּ אויף אַ ווייטער נסיעה,
פֿריש רויטלען זיך זיינע פֿאַרטאָגיקע וויעס.

די קברים צעבליען זיך, ס'ווערט די ערד יינגער,
ער ציט אויס צום באַרג פֿון די מתים זיין פֿינגער,
און זאָגט: „איר פֿאַרשעמטע, איך וויל אייך פֿאַרגעלטן,
און דריי צוליב אייך אום דעם גאַנג פֿון די וועלטן.
יאָרטויזנטער זיינען אַוועק מיטן גלויבן,
אַז איר וועט נאָך אויפֿשטיין אַמאָל פֿון די שטויבן.
בין איך מיין הבטחה אַצינדער מקיים: —
שטייט אויף נאָכן טויט צו אַ לעבן אַ נייעם.
שטייט אויף!"

נאָר עס נעמען זיך טיפֿער פֿאַרשטעקן
די טויטע אין קבר. אַ קינד נעמט זיך וועקן,

און ציט אוים די הענטלעך צום חלום פון לעבן,
הייבט אויף זיך אַ האַנט פון אַ גוף אים דערנעבן,
און נעמט אים אין קופּע אַריין מיט דערבאַרעם —
אין טויט איז דער מאַמעס ברוסט נענטער און וואַרעם.

בלייבט אַנמאַכטיק הענגען דער געטלעכער פינגער,
די ערד וואָס געלאָפן אין זון־קרייז איז גרינגער
פון בין אַרום בלום — פאַלט אין תהום אַראָפּ שטייניק.
דער שטוים וועקט מיך אויף. און מיין גוף וואָס פאַראייניקט
האָט זיך מיטן טויט און געשטומט אויסגעלאָשן,
שטייט אויף קעגן גאָט מיט צעבונדענעם לשון:

„מיר ווילן ניט אָטעמען מער מיט קיין ניסים,
געטראָטן פון פייניקער קושן די פיס אים.
מיר ווילן ניט לעבן שוין מער מיט קיין וואונדער,
דער האָס זאָל די וואַנט זיין וואָס האַלט אונדז באַזונדער.
ווי גאָס־הינט באַשמעקן זיך היציק איינאַנדער,
מיר, וועלט־פרעמדע, האָבן אין אייביקן וואַנדער
באַפרוכפּערט די לענדער מיט אונדזערע קרעפטן —
איצט בלוטיקן מיר פון דער תאווה־באַהעפטונג...
מיר ווילן ניט מער!"

בונט און יאָמער דער רוף איז.
און ס'קלאָגן אויך מיט ניט־געבוירענע תקופות:
„מיר ווילן ניט מער!" און פון פחד באַפאַלן,
אַזוי ווי אַ חיה פאַרטייעט ביי שטאַלן,
ווען ס'וועקן די סטאַדעס דעם ישוב מיט גוואַלדן,
אַנטלויפט ער, דער האַר, אין די בערג זיך באַהאַלטן.

דער גוואַלד שטילט זיך איין און די קברים פאַרשטומען,
אין קבר איך ליג מיט אַ שטיינערנעם גומען,
און זע דורך דער צייט ווי דער וועלטן-געביטער
אַן איינזאַמער בלאַנדזשעט אַרום אין געוויטער.
ער שטייט ביי דעם ים-ברעג וואָס קייקלט זיך ברויזיק,
די כוואַליעס באַשפּריצן זיין פּנים מיט חוזק.
די מדבר-הייל שטעכט אים מיט בלינדע שוואַרצאַפּלען —
אַנטלויפט ער און קלעטערט אויף פעלדזיקע שטאַפּלען.

און טראָגן די ערד וועט מיט טויזנט יאָר שפּעטער,
דער בוים דער צעבליטער אין קנאָספּן, אין בלעטער,
דער נאַקעטער באַרג אין די פעלדזיקע קאַרבן —
דעם חותם פון אונדזערע ליידן ביים שטאַרבן.
ווען מיר וועלן זיין שוין אויף שטויבן צעריבן,
זאָל ווירבלען דער שטויב וואָס פון אונדז איז געבליבן.
און וועט אַמאָל עמעץ צעלאַכן זיך פריידיק,
זאָל אַפילו טויב זיין געלעכטער און ליידיק,
ווי איינער וואָס שרייט אין אַ חרובֿן ברונים,
און ס'ענטפערט אַ קול אַ געשטאָרבענער פון אים.

זאָל טראָגן די וועלט אויף איר פּנים דעם צייכן
פון אונדזער הריגה. און זאָל ניט פאַרבלייכן
דער שראַם אויף איר פעט-אָנגעזויפענעם פּנים —
פאַרשאָלטן איז דער וואָס אָן אימה קוקט אָן אים!
ווייל ווער ענטפערט אַף אויפן שטומען געשריי, ווער,
פון בלוטיקן גרויסן מיליאָניקן קבר?

סטאַלינאַבאַד, 1942.

# די יורשים פון גנעטא

מיין איבערגעלאָדענע האַרץ טוט מיר ווײ,
האָב איך זיך פאַרברענט. איך בין אַש אויף רואינען.
דער אָטעם פון גאָט הייבט מיך אויף אין געדריי —
צרעת בין איך אויף די פעלדער וואָס גרינען.

נאָר דער וואָס וועט נעמען אין הויפן מיין אַש,
וועט אים מיין פאַרבאַרגענער פלאַקער פאַרברענען,
דערהערן וועט ער מיין פאַרקלונגענעם רעש,
און ער וועט אין חורבה מיין פנים דערקענען.

# אויף די חורבות

די חורבות האָבן אין מיין פּנים זיך פאַראַקערט,
דאָך איז געבליבן נאָך אין מיין געביין דער פלאַקער,
און ווי דאָס וואַסער זידט אויף אַ צעגליטן אייזן,
זידט אויף דער ווייטיק אין מיין לייב. און איך נעם שפּרייזן
אַריבער ברוכוואַרג, ווי דער וועכטער אויפן טורעם
אין שטאָט אין דער צעשמעטערטער נאָכן שונאס שטורעם.

און אין דער געטאָ־פּוסטקייט הענגט נאָך דער געליאַרעם
פון די, וואָס קיינער האָט זיך ניט אויף זיי דערבאַרעמט.
די קולות ציטערן ווי אָפּגלאַנצן פון פלאַמען,
וואָס זיינען אויסגעלאָשן; ווי אויף וויסטע ימען
צעפליקטע אַלטע מאַסטן פון אַ שיף זיך הוידען,
און פון די איינגעזונקענע אין תהום זיך סודען.

און ס'גלימצערט אינעם פייכטן שימל אין אַ ווינקל,
ווי טרערן אויף אַ וויע — טוי אויף שפּינוועבס פינקלט.
און רירסטו אָן אַ שטוב, צעעפענסטו אַ וווּנד איר,
און זי נעמט דיר דערציילן פון דעם גרויסן ווונדער,
זי האָט אַמאָל געלויכטן וואַרעם, פול און פריידיק,
און איצט איז זי פאַרקלאַפּט און גליוועט שוואַרץ און ליידיק.

אַ צוים פֿון שטעכל־דראָט האָט דיך אַרומגעפּלאָנטערט,
און לאָזט דיך מער ניט אָפּ, אַן אייגענעם דערקאָנט ער.
אַן אויסגעקילטער אויוון, טרעפּ, אַ ווינקל־מויער,
און ווי אַ מאַמע וואָס דערוואַרט איר זון — אַ טויער
אַן אויפֿגעפּראַלטער, און אַ זייל פֿון מירמל סאַמע,
ווי ער וואָלט זיין דער זון וואָס איילט זיך צו דער מאַמען.

אַ יעדע חורבה וויל אַז דו זאָלסט זי דערקענען,
דו רופֿסט אַרויס פֿון איר ביי דיין געזעגענען
אַ מחנה שאָטנס, וואָס פֿאַרפֿלעכטן דיך אין קרייזן,
און שטויגען אַזש: „האָסטו דען ניט געקענט באַווייזן
אין רעכטער צייט צו קומען צו דעם טאָטנס קבורה?״
זיי שאָקלען מיט די קעפּ און גייען אָפּ פֿאַרכמורעט.

און קוקסטו איין זיך אינעם טונקל, אין אַ ציגל־קופּע,
הייבט אויף פֿון דאָרט זיך, ווי פֿון טראָן־שטול צו דער חופּה
אַ וויים־געשטאַלט. און ס׳ליאַרעמען די קרובים אַלע:
„דו האָסט פֿאַרשפּעטיקט צו דער חופּה, צו דער כלה.״
און פֿאַלסטו צו צום האַלץ־צעפֿוילטן אַלטן ברונים,
דערזעסטו שוואַרצאַפּלען פֿאַרשטאַרטע גלאָצן פֿון אים.

דאָן פֿרווּסטו אונטער טיר און שוועל דיין קאָפּ פֿאַרגראָבן,
נאָר די געדאַנקען פּיקן אין דיין מאַרך ווי ראָבן,
און דיין געדאַנק דער אויסגעפּייניקטער איז לויטער
ווי קיינמאָל ניט; און ציילן לאָזט זיך יעדער טויטער —
נאָך יעדער קעלער־שטוב, נאָך יעדן בוידעם־פֿענצטער,
ווו די באַהאַלטענע, ווי זינדיקע געשפּענסטער,

געבעטן האָבן, אַז דער טויט זאָל זיי פאַרבייגיין,
נאָר זייער שרעק האָט אויסגעגעבן — זייער שווייגן.

און ס'וואַלגערן זיך אויפן ברוק, אין מיסט סידורים,
ווי אונדזער בוים וואָלט בלעטער נאָך געהאַט אין שטורעם.
פון וואַנען פּרוכפּערן זיך עס אַזוי פיל שמות,
און זייער שאָרכן אַזוי שוידערלעך געהיים איז?
און קיין געראַטעוועטער קען ניט פון די גרוילן
אַזוי דערציילן — ווי די פּאַרמעטן וואָס פוילן.

## דער צוריקגעקומענער זון

איך גיי דיר נאָך, צוריקגעקומענער פון וואַנדער,
דו שאַרסט דעם שטויב פון געטאָ מיט די הענט פונאַנדער,
און זוכסט אַ גרינעם שפּראָץ פון לעבן אין רואינען,
ווי איינער וויל אין טעמפּל־חורבות גאָלד געפינען.
און ס׳וויינט דיין האַרץ: „אַ, ווער האָט מיך צוריקגעטריבן,
איז פון מיין היים די מדבר־שטומקייט בלויז געבליבן?
און זיינען אַלע טויט, ווו זיינען כאָטש די גריבער?
אַ מוילוואָרף לאָזט דאָך אויך אין פעלד אַ בערגל איבער!"

איך ווייס, די האָפענונג אין האַרץ, דעם עבר אין זכרון
האָסטו געטראָגן, ווי די לוחות אין דעם ארון
געטראָגן האָבן אונדזערע געפּרוווטע זיידעס
צום אויסגעטרוימטן לאַנד, ווי פייערדיקע עדות.
נאָר דו געפינסט נישט מער דיין היים די אויסגעבענקטע,
ווי ס׳טרעפט אַ פויער נישט זיין הייזל דאָס פאַרשווענקטע.
ביסט בלינד פון צער, אַ גליווערניש האָט דיך פאַרצויגן,
קער איך דיר אום צוריק דאָס ליכט פון דיינע אויגן,
און ווייז דיין פאָטער דיר...

דער דייטש האָט אויף די פלעצער
געשלעפּט אים און באַפוילן: „שריי, מלחמה־העצער,
אַז דו האָסט דורות־לאַנג גענאַרט אונדז און באַליידיקט,
און פון דעם משפּט וואָס מען גרייט אויף אונדז — פאַרטיידיק.

מיר האָבן דיך, ווי מיסט פון פערד אין ליים פאַרקנאָטן,
דאָך בייסט אונדז אין די פוס-טריט דיין פאַרדאַמטער שאָטן.
מיר האָבן דיך אַרויסגעשונדן פון דיין קאָלטן,
נאָר פון דעם אַנריר דיינעם זיינען מיר פאַרשאָלטן,
מיר ברעכן אויס דיר די גלעלענקען און די קנאָכנס,
נאָר דו קוקסט אָן אונדז מיט אַ שמייכל פון נצחון.״

דיין פאָטער האָט אַזוי געקוקט אויף די תלינים,
ווי ס׳וואָלט דער ווייטיק שוין פון קערפּער אויסגעטון אים.
און ווי אַ מילשטיין האָט ער שטייניק-שווער זיין גומען
אַ ריר געטאָן: „עס לעבט מיין זון. ער וועט נאָך קומען!״
דאָס מויל אין זאָמד, האָט ער געמורמלט אַ יהי-רצון,
פאַר דיר זיין לעצטע האָפענונג, זיין לעצטע שפּראַצונג.
ער האָט זיין גסיסה דורכגעשטראָלט מיט זיינע טרערן,
און האָט צו דיר געאיילט ווי דער באַגינען-שטערן,
וואָס איילט מיט פרייד זיך צו זיין אונטערגאַנג פרימאָרגן,
ווייל אים אַנטקעגן גייט די זון אויף פון פאַרבאָרגן.

אַזוי האָט אויסגעברענט דיין פאָטער אין נסיון,
און נעמסטו שטויב אין האַנט — דו נעמסט זיין קאָפּ דעם גרויען.
און הייבט זיך אויף אַ שטויב-געדריי אויף חורבות — שרייט ער:
„מיין זון, דיין פיינד איז טויט, דאָך פייניקט ער דיך ווייטער,
ווי ס׳וואָלט פון זיין געביין אַ שלאַנג אַרויסגעקראָכן,
און דיר אין האַרץ, מיין זון, זיין גיפט אַריינגעשטאָכן.
דעם גיפט פון יאוש זויג איך אויס פון דיינע ווונדן,
ביז דו וועסט אויפדאָסניי מיט ליבשאַפט אָנגעצונדן,
און טראָג דיין ליבשאַפט, ווי דער פאָטער אויף זיין אַקסל
זיין קינד — ווען די פאַרפלייצונג מיט געפאַר נעמט וואַקסן.״

# מיט אַ צלם אויפֿן פּנים

מיין שווער געמיט פֿאַרפּלאָנטערט מיינע טריט, איך וואַקל,
דאָך ברענט אין מיינע הענט דאָס אַש, ווי אייל אין פֿאַקל.
איך זע אַ שאָטן קריכט און קוקט זיך אום מיט אימה,
ווי ס׳וואָלטן אים געשראָקן נאָכשפּירער געהיימע:
— ביסטו אַ פרעמדער — וואָס זשע טוסטו אַזוי שפּעט דאָ?
ביסטו אָן אייגענער — וואָס שרעקט דיך אין דער געטאָ?
דו טרייסלסט זיך, איך זאָל זיך ניט צו דיר גענענען,
ס׳קען עמיצער אין דיר נאָך אונדזער שטאַם דערקענען.
דו מיינסט, אַט גיי איך צו דיין שכן און דערצייל אים,
אַז דו האָסט שרעקעוודיק אַרויסגעשטעלט אַ צלם
אויף דיין געזיכט, ווי אין אַ שויב בעת פּאָגראָמען,
אַז דו ביסט יידיש, כאָטש ניט יידיש איז דיין נאָמען — — —

ניט שרעק זיך! איך וועל דיין געהיימעניש פֿאַרשווייגן,
איך גיי פֿאַרביי דיך פרעמד... דו לאָזט מיך ניט פֿאַרבייגיין...
מיין פּנים טאַפּסטו, ווי אַ בוים מיט בלעטער דאַרע
די פייכטקייט טאַפּט, און זוכט אַ ווינט-געיאָגטע כמאַרע.
ביסט מיט אָן אָנבליק אַ ניט-יידישן באַשאָנקען,
דער בת-קול פֿון דער חורבה קלאַפּט אָן אין דיין לאָדן,

ווי ס'שלאָגט אַ הונגעריקער הירש זיין פוס אָן באָדן.
דאָס קול צעגראָבט דיין האַרץ און דיך באַפאַלט אַ שוידער,
אַ שוויים באַדעקט דיין לייב און פּראָסטיק ווערט אַזוי דיר,
ווי ס'וואָלט אַ שניי פון קעלער־ווענט אַרויסגעגליווערט.
און דו ווילסט זיין אַ פלאַנין, אַ טויב אין וואַלד, אַבי ווער,
וואָס פריים זיך מיט דער זון און האָט ניט קיין זכרון,
ווייל דיין געדעכעניש איז דיר אין מאַרך — אַ דאָרן.
און כאָטש דו האָסט אין דיינע אבות ווידערשפּעניקט,
ביסטו צו זייערע געשפּענסטער אונטערטעניק.
דער גזר האָט זיי צונויפגעשלאָסן ווי מיט קייטן,
און איטלעכער האָט מיט זיין לייב פאַרשטעלט דעם צווייטן,
געשריען האָבן דיינע ברידער ביי די גריבער:
„דאָס איינציקע איז נאָך געבליבן אונדז — דער ציבור!"

און דו האָסט דעמאָלט אומגעשפּאַנט ביי זיך אין ווינונג,
וואָלט עמיצער אַריין, וואָלט ער דערזען מיט שטוינונג,
ווי דו האָסט אין דיין מויל אַריינגעשטופּט די פויסטן,
צו ניט אַרויסלאָזן דעם יאָמער דעם צעברויזטן.

און ווען די קולות און די פייפעריי פון קוילן
פאַרזונקען זיינען אין דער נאַכט, איז דיך אַ גרוילן
באַפאַלן פון דער שטומקייט מער ווי פון דעם יאָמער:
„איז קיינער ניט געבליבן, קיינער שוין ניטאָ מער?"
אַרויסגעכאַרכלט האָסטו דורך פאַרקראַמפּטע ציינער:
„פאַרשיט נאָך ניט דעם גרוב. ס'איז נאָך געבליבן — איינער!"
און לויפן זיך געלאָזט. נאָר ס'האָט זיך אויפגעעפנט
אַ תהום ביי דיינע פיס — דו זאָלסט די טיר ניט טרעפן.

און אַנגעוואַקסן איז אויף דיר די פרעמדע צורה,
ווי לעבעדיק מען וואָלט געבראַכט דיך צו דער קבורה.
דו האָסט געטראָטן איבער שטיין, און דו פלעגסט הערן
פון אונטערערדישע קאַנאַלן, וואַסער־רערן,
דאָס כאָרכלעניש פון די באַהאַלטענע, און קעלערס
געהיימע פרעגן דיך: „אַ, וועכטער ווערט ניט העלער?"
און ווען עס קלאַפּט אַ רעגן אויף די קאַלטע דעכער,
זיי שוידערן אויף בוידעמער, אין ענגע לעכער,
און ביסלעכווייז מען כאַפּט זיי אוים מיט הענט מיט הוילע,
ווי פיש, וואָס פּלאָנטערן זיך איין אין טייכגראָז פוילע...
און דו פלעגסט קוים אַהיים דערשלעפּן זיך אָן אָטעם,
ווי אַן אַנטלאָפענער ווען ס'יאָגט אַ בער אין טראָט אים.

דיין שרעק פאַר טויט גייט אָפּ ווי אייז. דאָך ווערט אַלץ גרעסער
דער ווייטיק אין דיין לייב. דו ווילסט ווי מיט אַ מעסער
פון גאָר דיין שטאָם די אַלטע הויט אַרונטערשינדן,
אויף אַלעמאָל באַפרייען אים פון האָס פון בלינדן.
האָסט פיינט אַליין זיך מיט דער שנאה פון די שונאים.
ווייל דיר איז ווי אַ פּאַנצער שווער געווען דיין פּנים,
ווילסטו איצט בלייבן אין דיין פעל ווי אין אַ פעסטונג,
ווי פייגל וואָס באַזעצן זיך אין פרעמדע נעסטן.
און גרייט ביסטו, דער פּאָטער, ווערן אַ פּאַררעטער,
אַז פאַר דיין בגידה זאָל דיין זון דיר דאַנקען שפּעטער.

נאָר כאָטש דו קראַצט דיין הויט, ווי אותיות פון אַ טאָוול,
קענסטו ניט אויסקראַצן פון דיין געמיט דעם אָבל,
ווי דו וואָלטסט אין די בלוט־טראָפּנס אַריינגענומען

די פּנימער פון די, וואָס זיינען אומגעקומען.
און אין דעם קלויסטער גייסטו צו דעם קרייץ זיך טרייסטן,
דערלייזונג זוכסטו ביי אַ גאָט אַ ניט־דערלייזטן.
און ביידערנאַכט קומסטו געהיים אויף די רואינען,
נאָר אויך אין געטאָ קענסטו ניט קיין רו געפינען.
און דו ביסט גלייך צו עמיצן, וואָס איז פאַרקראָכן
אין בלינדן אורוואַלד, ווו ער בלאָנקעט טעג און וואָכן.

## די זיבן חדרים פון היכל

אין אורגעדיכט ביסטו, פאַריאושטער, פאַרקראַכן,
אַרום איז אייביק נאַכט און אייביק אינדערוואַכן.
נאָר אין דיין האַרץ־גלי זיינען נאָך פאַראַנען פונקען,
זיי וואַרטן, דו זאָלסט צו דעם מנין זיין דער צענטער,
אין וווּנדער־מעשה פון דיין קינדער־צייט. דער שלייער
פון וואָך און טרויער פאַלט אַראָפּ פון מידן גייער,
און דו דערזעסט אין וואַלד אַ פּאַלאַץ אַ צעשטראַלטן,
וואָס עפנט זיך פאַר דיר, דו זאָלסט דאָרט שבת האַלטן.

ווי נעפּלען זוניקע עס לויכטן דיינע קליידער,
פון הימלען בלויע איז געוועלבט דער ערשטער חדר.
און אין דעם צווייטן חדר פריידיק דיך באַגעגנט
דיין יוגנט, וואָס דו האָסט מיט איר זיך לאַנג געזעגנט,
דיין פּרצוף קוקט ניט אומהיימלעך אויף דיר פון שפּיגל —
דיין אמתע געשטאַלט האָט ריין זיך אויפגעזיגלט.
און אין דעם דריטן חדר וואַרט אויף דיר אַן עדה,
ווי דעמבעס רונד אַרום אַן אַזערע — די זיידעס,
זיין וואַרטן, דו זאָלסט צו דעם מנין זיין דער צענטער,
און שמייכלען: „זיי זשע ניט קיין בוים קיין האַלב פאַרברענטער.“

און אין דעם פערטן חדר זיצט אַ טויב — דיין מאַמע,
פון איר געוויין קומט אויף דער וועלט אַ לקוי־חמה...
אצינדער האַלט זי בשמים, און עס שמעקט דער עבר,
ווי ס׳שמעקט אין זון אַ וואַלד אַ פּעכיקער, סאָסנאָווער.
און אין דעם פינפטן חדר לויפט אַרום אַ ייִנגל,
און זיין געלעכטער קייקלט זיך — אַ זילבער־רינגל.
דו גייסט אים נאָך אין זעקסטן חדר, וווּ פאַרבאָרגן
אין איידל־שטיינער קוקט דיין מזל פון פרימאָרגן,
ווי ס׳קוקט אַרויס פון גראָז — אַ הירש. און ס׳ווינקט דער ייִנגל
מיט די מזלות פון דעם יאָר אַרומגערינגלט:
„איך בין דיין האָפענונג, און דו וועסט מיך געפינען
אין זון־פאַרגאַנג, און אין דעם טראָפּן־טוי באַגינען.״

אין זיבעטן אין לעצטן חדר פון דעם היכל,
באַגעגנט דיך, ווי טאַטע־מאַמע מיט אַ שמייכל,
די מחנה די פּראָסטהאַרציקע וואָס אָן אַ נאָמען.
זיי האָבן בלויז געקענט אינאיינעם שרייען „אָמן!״
נאָר אויף דעם וועג דעם לעצטן זיינען זיי געגאַנגען
מיט קעפּ פאַרהויבענע, פאַרפלאַכטן אין געזאַנגען.
אָ, פאַר דעם גרויסן גליק צו זיין אין בראָך צוזאַמען,
געלאָפן זיינען זיי, ווי טייכן צו די ימען —
צו זייער אומקום. דאָך אויפסניי געבוירן ווערן
זיי וואָלטן ניט געוואָלט — אַפילו ניט ווי שטערן!
אַזוי־אַ זיינען זיי געזעטיקט שוין מיט ליידן.
אויב יאָ געבוירן ווערן נאָכאַמאָל, איז סיידן
ווי ייִדן. און זיי ווילן זיך אין דיר פאַרפלאַנצן,
אַז דו זאָלסט רוישן מיט דער פרייד פון וואַלד פון גאַנצן.

בלויז דו ביסט זיי געבליבן — דו זאָלסט זיי באַוויינען,
און אַלע זייערע ניט־אויסגעשטראַלטע חנען
זאָלסטו אַרויספינקלען. און ווי עס וואָלט געבלענדט שוין
דער שבת אין דיין לייב, זיי קושן דיך און בענטשן.

# שיר השירים

איך מיש די בלעטער פון דיין לעבן, שוועסטער מיינע,
צעקנייטשט ביסטו און גרא, נאָר דיינע אויגן שיינען,
און ביי דעם שיין פון דיינע אויגן אומעט־שטילע,
וועל איך אַרויסוויינען דיין ביטערניש, דיין תפילה.
פאַרגיב, וואָס איך דיין לעבן ווי אַ בוך טו מישן,
און ריר עס, ווי אַ קאָפּ אַ קראַנקן פון דעם קישן.

איך האָב געקענט דיך מיידלווייז. דו פלעגסט צערייסן
ביינאַכט די ציכל, און אין כלה־קלייד אין ווייסן,
האָסטו געבליט אַ רגע, ווי אין מאַרק אינמיטן
געשטאַנען וואָלט אַ בוים, באַדעקט מיט ווייסע בליטן.
נאָר אין דיין כלה־שמייכל דעם פאַרשעמט צעשטראַלטן,
האָט שוין די זאָרג פון נאָך דער חופה זיך באַהאַלטן.
און ווי מען קוקט אויס שבת אויפדערנאַכט אַ שטערן,
האָסטו ביים אויסגעווייקטן מאַן וואָס האָט געלערנט,
געזוכט אַ בליק אַ וואַרעמען וואָס זאָל דיך שטאַרקן,
זאָלסט כוח האָבן אומצולויפן אין די מאַרקן,
און ביז אין האַלבער ווינטער־נאַכט אין ענגען קרעמל,
האָט דיר זיין שמייכל דער פאַרבלאָנדזשעטער געפלעמלט.

נאָר גלייך ווי אַ פֿאַרטריבענע פֿון דעם גן־עדן,
דערמאָנסטו יענע מאַטערניש ווי גרויסע פֿריידן,
און דו נאָך פֿילסט זיך שולדיק פֿאַר דיין גורל... שולדיק,
וואָס דו ביסט ניט געווען צו אים גענוג געדולדיק.

אַרויסגעוואַקסן איז דיין קינד — אַ שבת־מלכּה
פֿון אונטער דיין געוועלבטן נידעריקן באַלקן,
אַרויסגעטויכט, ווי פֿון אַ שטייעוודיקן וואַסער
אַ בלום, אין שיין פֿון דער לבֿנה פֿון דער בלאַסער.
און ווי אַ קאָרן־פֿעלד וואָס כוואַליעט אום דערשראָקן
אין שניט־צייט, האָבן אומגעכוואַליעט אירע לאָקן —
און זי פֿאַרשטעלט: מען זאָל איר שיינקייט ניט אַנטפּלעקן,
זי זאָל קיין תּאווה ניט ביים גוטאָ־שומר וועקן.
נאָר זי האָט אויסגעגעבן זיך אין טראָט אין לייכטן,
ווי ס׳גיט זיך אויס אַן ענטל אין דעם גראָז דעם פֿייכטן.

און איטלעכער האָט אין איר חן געזען אַ וווּנדער,
ווי זי וואָלט אויסגעלעבט די פֿרייד פֿון כּלות הונדערט,
וואָס דער רוצח פֿאַר דער חופּה האָט געשאָכטן.
און ווען זי האָט, ביז אָנמאַכט זיס, אַרומגעפֿלאָכטן
דעם האַלדז דעם בראָנדזענעם פֿון איר געקרויזטן יינגל,
דאַן האָבן אויגן זי, ווי ליכט אַרומגערינגלט.
און זי פֿלעגט צופֿאַלן אַזאַ באַגליקט־פֿאַרשמאַכטע
צו אים, ווי אַלע יונג־פֿרויען די אומגעבראַכטע,
געלאָשן וואָלטן זייער דאָרשט אין זיינע אָרעמס,
און ציען אים מיט זיך אַרונטער אין די קבֿרים.

אין ענגער תפיסה־צעל, ווו ס׳האָט דער דייטש פאַרנאַרט זיי,
דערפילט זיי האָבן ביידע, אַז דער טויט דערוואַרט זיי.
אַרום — בלויז מויערן און דראָט, בלויז ווענט און שלעסער,
און אין די ציינער בלויז אַ קללה — ניט קיין מעסער.
דער ווילדער וואַרפט זיך מיט אַ מעסער אין די ציינער
אין אָפּגרונט, זוכן פּערל צווישן גראָז און שטיינער,
און אויב אַ ים־פּאַרזעעניש, אַ קרעבס פאַרפלעכט אים,
איז מיטן מעסער בלויז דער ווילדער מאָן דערשטעכט אים.
נאָר אים, דעם געטאָ־מורד, איז די האַנט פאַרקלאַמערט,
זיין כלה ווי אַ פּערל לויכט — אין טויטן־קאַמער.
זי קוקט אַזוי אים אָן, ווי זי וואָלט אין זיין ווייטיק
געטרייסט אים מיט דערמאָנונגען פון ערשטע פרייד־טעג, —
אָ, ווי מען קוקט צוריק פון שיף אויף היימלאַנד־ברעגעס,
זיי האָבן ביידע אָנגעקוקט זיך אין דער רגע.

נאָר אויך דער תלין פון דער זייט באַטראַכט האָט ביידן:
ס׳האָט זייער ליבשאַפט אים געשטיקט — ער וועט זיי שיידן!
און ווי אַ רויב־חיה וואָס וויל זיין קרבן פּאַקן,
געלויערט האָט דער תלין אויף איר האלדז און נאַקן.
ער האָט געשפּירט אויף זיינע הענט איר בלוט שוין דאַמפן,
און איינגעהאַלטן האָט ער קוים די פינגער־קראַמפן.
און ווייך געשמייכלט צו דעם מיידל האָט דער תלין:
„מיין קינד, ווי אומרואיק די לאָקן דיינע כוואַליען.
דו זעסט, די זון גייט רואיק אויף די קברים אונטער,
און מאָרגן וועסטו אויפכאַפּן זיך פריש און מונטער —
אין מיינע אָרעמס. ווילסטו ניט, לאָז איך דיך הענגען!
און פייגל וועלן דיינע שוואַרצאַפּל מיר ברענגען.״

אַזוי געגאַוועדט האָט דער תלין אַ צעקאַכטער,
און ס׳האָט מיט אויגן אויפגעריסענע דיין טאָכטער
צו איר געליבטן ציטעריק זיך צוגעטוליעט,
ווי יונגע צוויי בעריאָזעס ווען דער שטורעם הוליעט.
איר אָטעם האָט געוואָלט צו זיינע ליפּן גרייכן,
און זי האָט אויסגעשטראַלט אויף אים איר שיין דעם בלייכן.
און ווי דער הימל-בלוי אין וואַסער איינגעשלאָסן,
זיי האָבן זיך פאַרחלומטע צונויפגעגאָסן.
זיי האָבן ווי צוויי פייגל זיך אין פלי צעזעגנט —
און מיט די אויגן אויף דער תליה זיך באַגעגנט.

# די מאמע

אונ דו געמוזט האָסט איבערלעבן, שוועסטער מיינע,
דעם אומקום פון דיין קינד. דו האָסט צו גאָט געטענהט:
„קען איך פאַרשוואַנגערן און נאָכאַמאָל געבאָרן,
וואָס דו האָסט מיך געלאָזט — דעם אָפּגעברענטן דאָרן?
קען איך אַ דור אַ נייעם אויף דער וועלט נאָך ברענגען?
געמוזט האָב איך נאָך זען ווי מיינע קינדער הענגען...
באַשירעם, גאָט, די טעכטער אונדזערע, באַשירעם,
אַז זייער ליבשאַפט זאָלן זיי ווי שיר השירים
באַגליקטע אויסזינגען אין פרייטיק-אויפדערנאַכטן,
און ניט, אָ, גאָט, אין טויטן-קאַמער דעם פאַרמאַכטן."

און דו ביסט צוגעפאַלן צו דיין ליידיק שטיבל,
ווי צו אַן ארון-קודש: „האָט ניט קיין פאַראיבל" —
האָסטו געגלעט די ווענט די שוואַרצע פון דיין חדר —
„וואָס הענגען זיינען בלויז געבליבן אירע קליידער,
און אייך דערפרייט ניט מער איר זילבערנער געלעכטער."
און ווי דו וואָלטסט געהאַט נאָך זיבן יונגע טעכטער,
האָסטו געהיט די קליידער אירע, אויסגעגלעטע
פון דיינע הענט פאַר די יתומים פון דער געטאָ.

באַטראַכט האָסטו שוין דיינע טעג ווי גנאַד־געשענקטע,
ביסטו פֿאַר אַלע קינדער פֿון די אומגעברענגטע
געווען אַ טרייע מאַמע, ווי עס וואָלט געמערט זיך
גראָד איצט דיין הויז־געזינט און דורך דעם טויט גענערט זיך.
ביסט וואָרהאַפֿטיק געבליבן אין די גרעסטע ווייען,
ווי ס'בלייכט אַ יאָדלע גרין און זאַפֿטיק אונטער שנייען.

אין שטויב זיך וואַלגערן צעשאָטענע די רינגען
פֿון אונדזער קייט. פֿאַרשטומט געוואָרן איז איר קלינגען.
בלויז דו, מיין שוועסטער, טיף דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
דערזעסט די רינגען מיט די אויסגעוויינטע אויגן.
און ווי פֿאַרכישופֿטע פֿון דיינע מאַמע־שפּרוכן,
די רינגען קייקלען זיך און איינס די צווייטע זוכן.
איז רוף זיי די פֿאַרלאָרענע, ווי אין די הימלען
די מאַמע רחל לאָזט די אייביקייט ניט דרימלען.
דיין גוטסקייט זאָל פֿון אונדזער לעבן ניט פֿאַרשווינדן.
זאָלסט שבת־ליכט אין אונדזערע שוואַרצאַפּלען צינדן.
דיין גרויער קאָפּ זאָל לויכטן אונדז ווי אַ מנורה.
און ווי דיין מוטער־טראַכט וואָלט נאָך געקענט געבוירן,
מיר וועלן אונטער אונדזער פֿריש־געדעקטן באַלקן,
דיך היטן, ווי דער בינשטאָק היט די בינען־מלכּה.

# געשרייען אין דער נאַכט

מיין פּנים איז געשאַרפט און האַרט ווי ביי אַ שפּאַרבער,
וואָס לעבט אין סטעפּעס און זיין גורל איז אַ האַרבער.
אויף ברוכוואַרג שטיי איך, ווי אויף שטיין-געהאַקטע שטאַפּלען,
איך פּאַרש די ווייט מיט אָנגעצונדענע שוואַרצאַפּלען,
און שריי און וועק: „פאַרשפּעטיקט ניט צו דער גאולה!"
מיט אָנגסט הילכט אָפּ מיין רוף, ווי נאַכט-געשרייען דולע,
און ס'ענטפערט מיר אַ שטים מיט טרערן אָנגעזעטיקט:
„צו דער גאולה האָבן מיר נאָך ניט פאַרשפּעטיקט."

און אָפּגעוועלקטע בלייבן הענגען מיינע ליפּן,
דאָך שטאַרק איך זיך און זאָג: „איך וועל אַריבערהיפּן
די יאָרן גרויל, ווי איבער קרומע שמאָלע שטיגן,
און וועבן אָנהייבן אויפסניי דעם אַלטן ניגון.
דערמונטערן וועט זיי מיין ליד, ווי ס'אָטעמט לייכטער
דער מדבר אָפּגעפרישט מיט טראָפּנס אַ באַפייכטער.
אַ קראַנקע צווייג אַן אָפּגעדאַרטע איז דער נעכטן,
וועל איך זיך בלויז מיט יונגע פרייד-טעג איבערפלעכטן,
ווי איבער תהומען פלעכטן זיך צוזאַמען צווייגן,
אַ הילף דעם קלעטערער וואָס וויל צום באַרג-שפּיץ שטייגן."

אזוי־אַ טראַכט איך הויך, ווי איך וואָלט מיט אַ חבר
געשפּאַנט באַנאַנד. נאָר מיטאַמאָל דערזע איך, זשאַווער
איז איינגעוואַקסן אין די קנייטשן פון מיין דלאָניע,
און גלאַנצט ווי בראַנדז פאַרגרינט אין שיין פון דער לבנה.
און גאָר דאָס ברוכווארג אויף מיין ברוסט נעמט גוואַלדיק פרעסן:
„דו קענסט אונדז ניט פאַרגעסן. קיינמאָל ניט פאַרגעסן."
און ס׳פליט אַרויס אַ שוואַרצער פונק פון מיין מחשבה,
ווי פון אַ פענצטער־לאָך אין אַ רואין — אַ סאָווע:
„ווי ס׳לעבט דער עלטער פון אַ בוים אין זיינע רינגען,
מוז אין דיין פרייד אַפילו — גאָר דיין וויטיק קלינגען."

און אַנמאַכטיק איך לאָז אַראָפּ זיך אויף אַ טרעפּל,
און אין דער נאַכט וואָס הענגט ווי אַ געדיכטער נעפּל,
מיין קאָפּ באַהאַלט איך: „גרייט בין איך די לאַסט צו נעמען!
פאַר וועמען אָבער זאָל איך טראָגן זי, פאַר וועמען?
איך בין צום פויגל גלייך, וואָס הונגעריק און גיריק
צעשפּרייט די פעדערן, וואָס גלאַנצן פיל־קאָליריק.
פאַר וועמען פייניק איך מיין האַרץ? אַז פּוסט און שטויביק
איז אין די געטאָ־ווענט. און דער אויך וואָס איז גלויביק
האָט מער קיין קראַפט ניט אין די אויסגעלענקטע קנאָכנס,
און ס׳איז אַ קאַרטש וואָס פוילט — דער מאַכטלאָזער בטחון.
און ס׳בעטן די פאַריאושטע: „ניט פּרווו אונדז טרייסטן,
דו שרייסט אַליין זיך איבער מיט אַ קול אַ דרייסטן,
מיר זיינען שוין געוווינט צום גורל צו דעם האַרבן,
דיין אויסגעטראַכטע טרייסט לאָזט אונדז ניט רואיק שטאַרבן."

און ווי דער ווידערקול פון מיינע נאַכט־געדאַנקען,
דערהער איך ווי פון יענער זייט בית־עולם־פּלאַנקען,

דאָס שעפּטשעניש פון מיינע פריינד וואָס זיינען שטום איצט,
די טויטע יוגנט־פריינט זיי רינגלען מיך אַרום איצט:
„ביסטו אַ הויף־זינגער וואָס זינגט אין האַנט דאָס היטל,
און ווען מען שענקט אים ניט — דאַן שפּייט ער אויס מיט ביטול?
אַ ליכט־זייל אין דער פינצטערניש דאַרף זיין דער דיכטער,
ווי אין דער אורצייט אין דער ווילדערניש געדיכטער
דער פלאַם, וואָס האָט פאַרצויבערט און געהיט דעם מענטשן —
און דו זוכסט רום און שימלסט ווי אַ מאָנומענט שוין.״

מיט ביטערניש איז אָבער כמאַריק אָנגעלאָדן
מיין ברוסט, און אַ געבויגענער צום ווייסטן באָדן,
איך זוך אויף בוידעמער, אין קעלערן איך נעכטיק —
דעם חשבון זוך איך: „טויטע, זאָגט, האָט איר באַרעכטיקט
די קינדער אייערע, זיי זאָלן זאָגן קאָנען:
‚געירשנט האָבן מיר דעם פייער פון מיליאָנען.׳
איר האָט אויף מיר זיך, אומגעבראַכטע, אָנגעהאַנגען,
און שלעפּט אין אָפּגרונט מיך אַרונטער ווי מיט צוואַנגען.
איר שלעפּט מיך... שלעפּט! נאָר אויך אין תהום וועל איך ניט שטומען:
פאַרוואָס איז אויך דער פיינד מיט אייך ניט אומגעקומען?״

און ס׳ענטפערט מיר אַ שטים פון אויפגעברויזטן חושך,
ווי ס׳וואָלט אַ כוואַליע מיט אַ בלייענעם גערויש זיך
אַרויסגעריסן, און דעם הויכן ברעג אַריבער,
און אין דער שטים איז גאָר די שטומקייט פון די גריבער;
דאָס כאָרכלעניש וואָס האָט ווי וואַסער זיך געזאַמלט,
דאָס כליפּעניש פון פרויען, און דער קינדער־שטאַמל:

„און וואָס וואָלסטו געטאָן? דו אכזר, וואָס דו לעסטערסט
דעם זקן און דאָס קינד, דיין מאַמען און דיין שוועסטער!"

מיין ענטפער פאַלט צוריק, און ס'יאַמערט אין דער ווייט דאָרט,
ווי עמעצער וואָלט זיך אין תהום אַראָפּגעשליידערט:
„וואָלט איך געווען ווו איר — וואָלט איר ביי מיר געפּאָדערט!
נאָר איר זייט דאָרט געווען! און אויף מיין שלייף דער אָדער,
איך פיל, ער פּלאַצט, ער פּלאַצט... און איך וועל זיך ניט שוינען,
אין שטויב וועל איך זיך וואַלגערן, אין חורבות וועל איך וויינען.
אויב איר האָט אונדז געלאָזן בלויז דעם צער פון קרבן —
פעלט אָטעם מיר. און איך בין אויך מיט אייך געשטאָרבן.
און איך וועל דאָן מיין שטורעם-גלאָק — מיין צונג פון גומען
אַרויסרייסן. און שטומען וועל איך מוזן, שטומען."

# ב ר י ו נ י ם

...דאָן גייט אויף אין דער נאַכט דער אָפּגלאַנץ פון אַ שׂרפה,
אין פענצטער־ראַמען שווינדלען פייערדיקע רייפן,
און שאָטנס וואַקסן אויס אויף יעדער טרעפּ און בריקל,
אין פלאַמען ווי אין קליידער פּורפּורנע פאַרוויקלט.

פון בוידעמער, פאַרשטעלט מיט הויקערדיקע דעכער,
אַרויפצודראַפּען זיך דורך קוימענס און דורך לעכער,
ווו די געיאָגטע זיינען, ווי אין שפּין־געוועבן,
געהאַנגען טעג און וואָכן צווישן טויט און לעבן.

פון די געהיימע אונטערערדישע געוועלבער,
ווו די פאַרמשפּטע צו שטאַרבן ווי די קעלבער,
פאַרקנאָטן האָבן זייער מאַרך אין די גראַנאַטן,
פאַרקנאָטן מיטן בלוט פון אומגעבראַכטן טאַטן;

פון ווינקל־גאַס, ווו איינגעוואַקסן אין אַ מויער,
אַ יונג געגליט האָט נאָך נקמה אויף זיין לויער,
געגלעט אַ הענטל מיט אַ מינע אַ פאַרקניפּטער,
ווי ס'וואָלט דער יונג געגלעט דעם קאָפּ פון זיין געליבטער —

פון אומעטום ברעכט אוים דער האַס, ווי איינגעשלאָסן
וואָלט איטלעכער זיין האַרץ אין אויפֿרייס, און פֿאַרגאָסן
דעם פֿיינד מיט קאָכיק־בליי, און די באַלקאָנען קרעכצן,
אַראָפּצופּאַלן אויפֿן פֿיינד געזוימסן לעכצן.
ווי שטיינער־געטער וואָלטן לעבעדיק געוואָרן,
און פֿון די נאָזלעכער זיי רויכערט זיך דער צאָרן.

און דורכגעלעכערט בלינדע גליווערן די טאַנקען,
ווי אַ מטורף מיט פֿאַרגולמטע געדאַנקען.

דורך גלאָז צעשמאָלצענעם, פֿאַרסמט פֿון גאַז־גערוכן,
אַ טויט־פֿאַרווונדעטער זיך שאַרט, ווי ער וואָלט זוכן
זיין דאָרשטיקייט צו לעשן אין דעם שונאָס גאָרגל,
די שנאה האָט דעם אָטעם אין זיין קעל פֿאַרוואָרגן,
און וויל ניט מיט זיין בלוט אַרויסרינען אינאיינעם,
און אויך אין לעצטן קראַמף זי גליט נאָך אין געביין אים.

און ווען חיילות נייע שטורעמען די פֿעסטונג,
שטייט אויף די געטאָ צו איר גרויזאַמסטער פֿאַרמעסטונג.
און פֿאַלט אַ ייד, שטרעקט ער צום הימל אוים זיין פּנים,
און טויטערהייט ער לאַכט: וואָס קען דער פֿיינד איצט טאָן אים?
ווי אַ צעלייגטער פֿייער אויף די בערג, ווען רופֿן
זיין טויטער גוף די אַנדערע... און וויפֿל גופֿן,
אַזוי פֿיל שייטערן באַלויכט פֿון די פֿעלדזן
די ווייט, די נאַכט מיט זייער אויפֿגעשטראַלטן העל זען.

און די באַלאַגערטע, אָן שפּייז, אָן לופֿט, אָן וואָפֿן,
פֿאַר זיי איז אויך אַ וועג אַ ליכטיקער נאָך אָפֿן.

און ווען זיי נעמען איינס דאָס אַנדערע דערשטעכן,
איז ווי זיי וואָלטן דורכן לייב אַ וועג זיך ברעכן
צו די פּאַרצייטיקע בריונים — צו די קריגער,
וואָס האָבן זיך געטויט באַלאַגערטע פון זיגער,
אַרומגערינגלטע פון רוימישע לעגיאָנען,
אַז אין די געטאָ־שלאַכטן זאָלן זיי דערמאָנען
די אייניקלעך. און אויף די מויערן פון וואַרשע,
ביים רעש פון דייטשישע געפּאַדקעוועטע מאַרשן,
זאָל זיך אין אונדז צעגליען מיט אַ פלאַם אַ נייעם
דער מוט פון אויסגעהונגערטן ירושלים.

אַרום דעם טעמפּל, אויפן באַרג אַנטקעגן רוימער,
געשטאַנען זיינען זיי ווי ברענענדיקע ביימער,
און ווען דער פיינד האָט אונטער שילדן זיך דערנענטערט,
אַראָפּגעפאַלן איז אַ וואַלד אַ דורכגעברענטער.
דעם פיינד צו טויטן — זיינען זיי אויף אים געשפּרונגען,
און זייער האַרץ פון פייער האָט אַרויסגעזונגען,
אַז ס'וועט די שכינה ווי אַ טויב אַ ווייסע הויזן
אין חורבה פון דער געטאָ, שפּעטער צוויי יאָרטויזנט.

מאָסקווע, 1945.

# דער גילגול פון רואינען

## די פארלאזענע

צו מיר קומט ביידערנאכט א פרוי, א גילגול פון רואינען:
„געליבטער מיינער, דו האסט מיך פארלאזן."
ווי דער לבנהדיקער אפגלאנץ אויף די חורבות, אירע אויגן גרינען,
די ווינטן הארבסטיק-אומעטיק אין אירע לאקן בלאזן.
די טרערן קייקלען זיך פון איר פארבלייכט געזיכט,
און זי שטרעקט אויס צו מיר צוויי בענטשטנדיקע הענט,
ווי ס'וואלטן אנשטאט מיר צוויי שבתדיקע ליכט
אויף מיין געלעגער זילבערדיק געברענט.

די אויסגענאגטע ליפן אירע
שעפטשען א פארוויינט געבעט:
„א, גאט, געפונען מיין געליבטער האט א נייע דירה,
און דארט אוועקגעשטעלט זיין בעט.
ער האט זיך פון דער געטא שוין ארויסגעקליבן,
ער וויל, דער ווינט זאל אפווישן די שפורן פון די פוס-טריט זיינע.
בין איך אליין די וועכטערין פון דער פאיתומטקייט געבליבן,
צו אפהיטן די טויטע געסלעך מיינע.

„וועק איז ער אין פרעמדע שטעט, ווי טורעמדיקע בבלס
אויפגעבויט,
אין זייער שטיינעריקן באָדן וויל ער זיך פאַרפלאַנצן.
נאָר זיינס איז בלויז די חורבה. גאָט! איר אַש איז איינגעגעסן
אין זיין הויט,
און אירע שפּליטערס גלאָז אין זיינע אויגן גלאַנצן.
און ערגעץ אין אַ ווינקל וואַרט אַ חופּה־בעט — אַ שאָטן,
דער חתן זאָל צוריקקומען, און זאָל אין מיר דערקענען
זיין גאָט־באַשערטע, און ער זאָל גענענען
צו מיר, דער וועכטערין פון געטאָס הינטער שטעכעדיקע דראָטן.״

אַזוי איז ביי מיין בעט מתפּלל מיין געליבטע די פאַרלאָזטע,
די חורבה, אַ פאַרשטעלטע אין אַ פרוי,
און אויף איר פּנים פינקלען טרערן, ווי דער טוי
וואָס פאַלט אויף ברוכשטיקער פאַרראָסטע.
נאָר באַלד צעשמייכלט זי זיך, איר געזיכט ווערט יינגער,
זי לויכט אַן אויסגעוואַשענע אין טרערן און אין פּיין,
און זי ציט אויס צו מיר איר דינעם פינגער,
אַז איך זאָל זי מקדש זיין.
זי לאָזט פאַר מיר אַראָפּ זיך אויף די קניען,
שטרעקט אויס די אָרעמס און פאַרוואַרפט איר קאָפּ אַהינטער,
און אירע באַקן נעמען גליען,
ביז ס׳נעמט צעגיין אין מיין געביין דער ווינטער.

„מיין טייערער, צו דיר געהער איך, דיר אַליין נאָר,
ס׳איז מיין געביין אַ ווייסער פּלאַץ, אַ פייער אַ פאַרשטאַרטער,
בלויז דעמאָלט ווען דו רירסט אָן מיינע דינע ביינער,
דערוואַכט אין מיר די פרוי. דערוועק מיך, קוש מיך צאַרטער.

דו זאָלסט ניט זוכן זיך קיין אַנדערע געליבטע,
אין מיינע אויגן לויכטן דיינע שבתדיקע נעכט,
איך בין מיט דיר דורך לאַנגע ליידן אַ פאַרקניפּטע,
ווי איך פאַרקניפּ דיין האָלדז מיט מיינע שוואַרצע פלעכט.
אַז דו זאָלסט וועלן מיט מיין ליבע זיך פאָרן
אויף אַ געלעגער, צוגעדעקט מיט שטויבן,
רוף איך צוריק צוזאַמען מיינע יונגע יאָרן,
ווי איינער רופט צונויף אַ טשאַטע טויבן."

און זי ציט אויס צו מיר די תּפילהדיקע ליפּן,
איר האַרץ-געצאַפּל שטילט זיך איין, ווי אַ געוויטער אין דער ווייט.
זי טוליעט צו צו מיר איר ליב, וואָס ציטערט נאָך פון פריערדיקן **כליפּען,**
און אויסגעבענקט זי זינגט דעם שיר-השירים פון איר כלה-צייט.

# געליבטע מיינע

געליבטע מיינע, מיין פֿאַרלאָזענע, פֿאַרשעמטע,
מיין טויב אויף חורבות, מיין ניט־אויסגעוויינטער ניגון,
דו גייסט מיר נאָך פֿון ווייטן אַ פֿאַרשטעלטע, אַ פֿאַרפֿרעמדטע,
און וואַרטסט מיך אָפּ אינדרויסן ביי די שטיגן.
ווי קען איך דיך פֿאַרגעסן אין די פֿרעמדע לענדער,
ווער קען דען מיט דער שיינקייט פֿון דיין טרויער זיך פֿאַרגלייכן?
אויף פּוסטע בריקן שטיי איך ביידערנאַכט ביי דעם געלענדער,
און זע דיין פּנים שווימען אויף די שוואַרצע טייכן.

פֿאַראיינזאַמט זיץ איך אומעטום דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
און קען דיין מדבר זען, און קען דיין שטומקייט הערן,
און זעט מיך ניט. זי שוועבט מיר בלינד פֿאַרביי.
און דיינע אויסגעזעצטע שויבן גלימצערן אין מיינע טרערן.

איך האָב אין גורל דיינעם לאַנג אַזוי אַריינגעטראַכט,
ביז איך בין אויך אַ שטיין געוואָרן אין דיין ווינקל,
און ווען עס פֿאַלט אויף מיר דיין אָפּשיין האַלבע נאַכט,
ווערט דאַן מיין באָרד פֿון גראָז, און גרין מיין פּנים פֿינקלט.

אָ, ווו איך פֿאַל — פֿאַל איך צו דיינע שטויבן צו,
אַרויסרופֿן וויל איך פֿון אונטער די רואינען דיינע קוואַלן.
איך וויים, געליבטע מיינע, דו האָסט ניט קיין רו
פֿון שרעק, אַז מיט דיין מירמל־זייל וואָס ליגט אין אַש, זאָל
אויך מיין גאָט ניט פֿאַלן.

ניט שרעק זיך, מיין געטרייע חורבה־היטערין,
איך זע מיין גאָט אין בליצן, אין געוויטערן,
געגליט האָט אונדזער גייסט אין בנין ווי אַן איינגעצוימטער פֿלאַם,
די ווענט די איינגעפֿאַלענע באַפֿרייט אים האָבן פֿון די צוימען, —
ווי ווילדע וויינטרויבן וואָס קלעטערן אַרום אַ צאַם,
קען איך אויף ווענט פֿון חורבות וועבן מיינע טרוימען.

# אין שלאָף ביינאַכט

איך גיי אַדורך די נאַכט — דעם שוואַרצן טויער,
און קום פאַרטאָג אין מיין צעשטערטער היים.
כ'זע פּנימער, פאַרקנאַטענע אין מויער,
ווי לעבעדיק זיך קרימען אונטער ליים.

איך שטיי אויף פּוסטע גאַסן אין מיין חלום.
די פּוסטקייט גלאָצט ווי זי וואָלט מיך דערקענט.
מיט אויגן-ווונקען גיבן אָפּ מיר „שלום"
די פּנימער, פאַרקלעפּטע אין די ווענט.

איך וויל אַנטלויפן פון דער שטומער אימה,
דערזע איך מיטאַמאָל אַ פרוי. זי שוועבט
מיט טריט געשפּענסטיקע און נאַכט-געהיימע,
ווי ס'וואָלט אין וואַנט אַ פּנים אויפגעלעבט.

זי גייט מיט אויפגעריסענע שוואַרצאַפּל,
און זעט מיך ניט. זי שוועבט מיר בלינד פאַרביי.
נאָר איך דערקען מיין ערשטן האַרץ-געצאַפּל,
מיין ערשטע ליבשאַפט וואַכט אויף אויפדאַסניי.

און איך פֿאַרלויף דעם וועג איר יינגלש־פֿריידיק,
ווי אַ געשריי אויף קבֿרים הילכט אָפּ פּוסט
אין געסלעך אויסגעשטאָרבענע און ליידיק,
די פֿרייד וואָס רייסט אַרויס זיך פֿון מיין ברוסט:

„דו לעבסט, דו לעבסט? דו ביסט געבליבן לעבן!
איך גלויב אין גאָט אויפֿסניי. איך גלויב אין נס.
דו שווייגסט... האָסטו נאָך אַלץ מיר ניט פֿאַרגעבן?
פֿאַרגעס מיין לייכטזין פֿון אַמאָל, פֿאַרגעס.

„איך האָב געגנוג געליטן פֿאַר מיין בגידה
אין דיר, געליבטע. קום צו מיר צוריק.
מיר זיינען ביידע אויסגעפּייניקט־מידע,
אַ, לאָז מיך זיין דיין שוועל פֿון שטילן גליק."

און ווי זי וואָלט באַמערקט ערשט, אַז איך שטיי דאָ,
פֿאַרהאַלט זיך אויף איין אויגנבליק איר טראָט,
זי קוקט מיך אָן, מיר קוקן אָן זיך ביידע,
ווי דורך פֿאַרצווימונגען פֿון שטעכל־דראָט.

איר בליק איז שטאַר, ווי זי וואָלט נאָכגעגאַנגען,
ביינאַכט אין טיפֿן שלאָף, לבֿנה־שיין:
אַ, דו ביסט טויט, נאָר ס'האַלט דיך נאָך געפֿאַנגען
דיין ליבשאַפֿט אויך אין גרוב, געליבטע מיין."

## וואָס ווײנסטו, גילגול?

וואָס ווײנסטו גילגול נאַכטיקער? דו ווײנסט,
וואָס איך האָב אױפגעהערט די חורבה ליבן?
איך שלעף די חורבה מיט, נאָר דו — דו מײנסט,
אַז איך האָב זיך פון איר אַרױסגעקליבן.

דו ווײנסט: „ניט מוחל איז אַ טויטע ווײב
איר מאַן, וואָס זוכט פאַרגעסונג בײ אַ צווײטער,
ווען איר געדוך נאָך אָטעמט פון זײן לײב —
און טרײסט געפינען צו אַ צווײטער גײט ער.“

ניט ווײן, דו גילגול נאַכטיקער, ניט ווײן,
איך וועל מײן האַרץ צו דײנע שטײנער דריקן,
ביז דו וועסט אײנוואַקסן אין מײן געבײן,
און ווי אַ קוואַל וועט מיך דײן אַש דערקוויקן.

צעשטערטע הײם, דו ליגסט אויף מײן געמיט,
און לאָזט מיך ניט אַרױסגײן פון דײן גדר,
דו גײסט מיר נאָך, פאַרפלאָנטערסט מײנע טריט,
און אויפן שליאַך יאָגט מיך אַריבער יעדער.

אויך דו ווערסט מיד מיר נאָכגיין אַזוי ווייט,
דאָך וואַגלסטו מיר נאָך דו אַלע לענדער,
דער הימל בייט זיך און די ערד זיך בייט,
בלויז איך און דו, מיר ווערן ניט פאַרענדערט.

ביי פרעמדע טייכן ווען איך ווער פאַרבלענדט
פון בלויען נאַכט־ליכט ווי פון כישוף־צייכנס,
דערזע איך דיינע אויסגעשטרעקטע הענט,
דו טרינקסט זיך און דו ווילסט צו מיר דערגרייכן.

און וויל איך זיין פון פרעמדן זאַפט גענערט,
דערפיל איך אין מיין קערפּער דיינע דערנער,
ווייל דו גייסט נאָך מיר דורך דער אונטערערד,
און דיר אַליין, מיין חורבה, איך געהער נאָר.

פּאַריז, 1948.

# לעגענדע

ווי אַ לעגענדע־אינדזל אַ פאַרזונקענע אין ים,
מיט כישוף־גלעקער און לבנהדיקע טורעמס,
ווו ביי אַ חלום וואַרעמט זיך ווי ביי אַ פלאַם,
אַ טויזנטיאָריקע פאַרצויבערטע געשטאַלט
און האָרכט דעם שטורעם;
אַן אוראַלט שטאָט וואָס שווימט אַרויס פאַרנאַכט
און פינקלט סודותדיק און שטראַלט —
אַזוי האָב איך דיך פון דער ווייט, מיין געטאָ, אויסגעדאַכט.

מיין כישוף־טורעם אין דער טיף פון ים,
מיין געטאָ־היים אין שטיינעריקן קלעם פון גאַסן,
דיין זון־פאַרגאַנג האָט אויסגעגליט אַ גאָלדן ראַם
אַרום מיין פנים דעם פאַרטרויערט בלאַסן.
איין אויגנבליק האָט עס געווערט,
און איך האָב אָפּגעשטויבט פון מיינע וואַנדער־קליידער
די פרייד און טרויער פון אַ פרעמדער וועלט, און זיך צוריקגעקערט
צום עבר דיינעם, ווי אין זיידנס חדר.

די זון האָט דיך מיט פורפורנע פרוכתן פאַרצויגן,
אַרומגעטוליעט האָבן דיך די אַלטע ווענט,

און איך האָב אויף מיין וואָגל מיינע אויסגעוויינטע אויגן
צו דיינע טויערן געווענדט.
איצט שפּינסטו דיין לעגענדע ווידער אין דער טיף,
און אויך אין מ יי ן הארץ איז צוריק אָמאָליקער געבעט דאָ,
מיין תהום-פאַרזונקענע, מיין וואונדער-שיף,
היים דו חרובע, מיין געטאָ.

אַ פאַרוואָרפענער אין מדבר ווייט, צופוסנס פון צעגליטע וויסטע בערג,
טרוים איך אויס, מיין געטאָ-היים, אַ היכל פון דיין תפיסה,
זינג איך אויס דעם ווי פון דיינע שבת-נעכט די זיסע —
אין איינזאַמע פאַרנאַכטן אויף די פוסטע מזרח-מערק.
איך זוך אין זאַמד דעם דימענט פון מיין נעכטן,
ער זאָל מיר פאַראויסשטראַלן מיין מאָרגן,
מיט דיינע געסלעך, געטאָ, וויל איך זיך צוזאַמענפלעכטן,
דיין ליכט זאָל מיך באַלויכטן פון פאַרבאָרגן.
אָ, מיין קעלער, איך בוי אויס אַ היכל פון דיין תפיסה,
איך זינג אויס דעם ווי פון דיינע שבת-נעכט די זיסע

מיר, דיין זון דעם לייבלעכן איז ניט באַשערט
מיט דיין גורל זיך צו טיילן,
נאָר דיין שעפּטשן הער איך דורך דער ערד,
און מיין בענקשאַפט פירט מיך ווי אַ ליכט
דורך דיינע היילן,
אַ באַלאַגערטער מיט נאַכט-שאָטנס געדיכט,
העלף איך דיר די רינגען אין דער גלות-קייט
ביים געטאָ-טויער — ציילן.

דורך שמאָלע דורכגאַנגען מיט פינצטערניש פאַרוויִט,
גיי איך אַ געהאָרכיקער דיר נאָך אין קלויזן,
און זוך מיט דיר אין גערעם שמות,
מיט דיר אין זילבערדיקער שטילקייט וויל איך הויזן,
ביי דיר אין גליווערדיקע טונקלקייט מיין היים איז.

דער שטיינעריקער צער פון דיינע אונטערערדן
איז אויך אויף מיין געזיכט אַרויפגעשטעמפּלט,
ווי מיין פּנים וואָלט צעהאַקט געווען פון שווערדן.
נאָר אין מיינע אויגן לויכט דיין עמוד-לעמפּל.
ווי פאַרמעסטן איך לייען דיינע ווענט, די קאָרבן אויף דיין יעדער
שטוב, —

איך ווייס, דו ווילסט מיין היים ניט בלייבן
וואָס ס'האָט פאַרטראַכט דיין פייניקער: — זאָלסט זיין אַ גרוב
חיות דאָרט אַריינצוטרייבן.

לויכט אויף מיין געטאָ-היים מיט דיין קבלה-שריפט,
און אויף דיין פייערדיקן הימל וועל איך פון דער ווייטן —
מיין שטום-פאַרזונקענע, געהיימע צויבער-שיף —
לייענען דעם גורל פון די צייטן.
האָלט אונטער מיינע אַנגעשפּאַנטע לעצטע קרעפטן
אין אויסגעבלויטע עלנטע פאַרנאַכטן,
מיין האַרץ גייט אויס מיט דיר זיך צו באַהעפטן,
און אויפדאָסניי דיך אויסצודאַכטן.

שטייג אויף מיט דיינע זעגל און די מאַסטן,
ווי פון דעם ים גייט אויף די זון קאַיאַר,

און ווי מען הייבט אַרויס פון תהום אַ צירונג־קאַסטן,
זאָלסטו צעעפענען די אוצרות דיינע,
און דו זאָלסט שטראַלן ביז דעם צענטן דור
מיט דיינע איידל־שטיינער, חורבה מיינע.

סטאַלינאַבאַד, 1943.

# דער גט

די פינצטערניש דריקט ווי דער דעק פון אַ קאַסטן,
די הויף־שכנים ליגן אין שווייסן פאַרמאַטערט
מיט איבערגעבראָכענע רוקנס פון לאַסטן,
און קענען ניט שלאָפן: עס שטאַרבט דער מאַליאַטער.
ביז שנייאיק און בלייך דער פאַרטאָג נעמט זיך שפּרייטן,
אַזוי ווי אַ ליילעך וואָס דעקט צו אַ קראַנקן,
קלאַפּט אָן אַ פאַרדאַגהטער שכן צום צווייטן,
געזיכטער ווי וועקסענע יאָרצייט־ליכט צאַנקען:
„ס׳האָט גיטעלע״ — ריידן די שכנות פאַרזאָרגט —
„געלעבט פאַרן מאַן בלויז, אַז ווייַ אירע יאָרן,
געפלעגט אים און איבערן האַלדז זיך פאַרבאָרגט.
וואָלט גאָט אין דעם זכות איר באַשערט כאָטש אַ קינד.
זי וועט צוליב חליצה באַדאַרפן נאָך פאָרן
עק וועלט צו זיין ברודער, אַז ווייַ איר און ווינד.״

און גלייך נאָכן דאַווענען ביים רב אין שטוב ווימלט
פון הויף־שכנים: „רבי, דער ספק דער מינדסטער
איז מער ניט פאַראַן. בלויז אַ וווּנדער פון הימל
קען ראַטעווען אים, גיט דער רביצן גט.

ר׳ אהרן גייט אוים, עס קען ווערן צו שפּעט.
און זי האָט איר לעבן געגוג אָפּגעפינצטערט.״

און ס׳פּאָלגט זיי דער רבי. מען גייט זאַלבעדריט.
דער רבי ר׳ יעקב, דער שמש און גבאי.
און מיך אויך, דעם יתום פון הויף, נעמט מען מיט,
דער קראַנקער זאָל זען, אַז ער האָט עולם-הבא
און קינדער פאַרגרייט זיך דורך זיינע תלמידים:
„ער האָט״ — זאָגט ר׳ יעקב — „געמאַכט פאַר אַ ייד אים.״

און ער נעמט פאַרטראַכט זיינע פּאות זיך פלעכטן,
ער רעדט צו דעם גבאי און ס׳ציטערט דאָס קול אים:
„צי גייען מיר יידן אין וועג אין גערעכטן?
דער גט קען פאַרשלאָפן אים מער, חס ושלום,
זיין מצב אים ווייזן.״ און ס׳ענטפערט ר׳ פּייווע:
„ר׳ אהרן איז מער ניט פון אונדזער וועלט סיי ווי,
און ס׳איז אַ רחמנות אויף איר״... קרעכצט ער אָפּ.
זיי גייען פּאַמעלעך. דער רב גלעט מיין קאָפּ,
ווי איך וואָלט געווען אים אַצינד אַ קמיע.
דער שמש נאָר איילט זיך. ער לויפט אַזש פון פאָרנט,
די שכנים דערלאַנגט האָבן אים אַ מטבע,
און אים צו דער צייט צו דער רעכטער געוואָרנט.

אַריין איז דער ערשטער צום קראַנקן אין צימער
דער שמש, און זיינע צעפלויגענע פּאָלעס
געברענט האָבן שוואַרץ אין שפּיטאָל-ווייסן שימער,
פאַרשמעקט האָט זיין גאַנג מיט לוויה-יללות.
דער גבאי איז פאַרזיכטיק איבערגעגאַנגען

די שוועל, ווי די שטוב וואָלט אין חלל געהאנגען.
ר' יעקב איז אָבער געבליבן אינדרויסן,
ווי ער וואָלט נאָך אויף אַ ישועה געוואַרט,
און שווערמוטיק אָנגעקוקט מיך ווי אַ גרויסן,
שטום פרעגנדיק; און אויף מיין קאַרק אָנגעשפּאַרט,
אַריין אין דעם חדר פון חולה מסוכן.
די רביצן גיטעלע איז אויפגעשטאַנען,
גענומען אויף מיר אַ פאַרלוירענע קוקן,
און בלייכער געוואָרן ווי זי וואָלט פאַרשטאַנען.

די אויגן פאַרמאַכט איז געלעגן דער חולה,
די זייד־שוואַרצע באָרד אויפן שפּיץ אַ פאַרגרויטע,
האָט איבערן צודעק געוויאַנעט אַ טויטע.
דער אייז־פענכער האָט אויף זיין ברוסט אויף זיין הוילער
געטראָפּנט. און אָנגעמאַכט האָט אַ גערודער
דער שמש, גערעדט צו דער רביצן גינציק:
„איר ווייסט דאָך דעם דין, ווען דער מאַן האָט אַ ברודער...
און איר האָט ביים חולה געליטן ניט ווינציק.“
די רביצן צוגעלייגט האָט צו איר מויל
אַ פינגער, מיר זאָלן דעם קראַנקן ניט וועקן.
געטרייסלט זיך מיט אויפגעריסענעם גרויל,
מען זאָל איר ניט דאָס וואָס איר האַרץ וויים — אַנטפּלעקן.

דער שכיב־מרע האָט זיינע אויגן צעעפנט,
און ווי אין דערוואַרטונג אין שטוב מיך צו טרעפן,
זיין קאָפּ אויסגעדרייט צו דער טיר און געפּרעפּלט,
זיין שטים איז געשווומען צו מיר דורך אַ נעפּל:
„וואָס לערנסטו היי־יאָר?“ — „קידושין איך לערן.“

„דאַרפסט פאָרן אין ראַדון, אין שטאָט ווערט מען קאַליע.״
די אַדערן דראָלן זיך אַן אויף זיין שטערן,
און ס׳גיסט אָפּ זיין פּנים אַ שווייסיקע כוואַליע:
„און וואָס טוט דער בלעכערקעס יינגעלע איצטער?״
„זיין מאַמע שיקט אים אין דער וועלטישער שול.״
זיין הויטיקער פּנים מיט קנייטשן ווערט פול,
ער ציט קוים דעם אָטעם און רעדט אַ פאַרשוויצטער:
„דאַרפסט לערנען מיט אים, ער זאָל האָבן אַ פּעולה,
דאַרפסט ראַטעווען אים. רייד דיין חברל איין.
ווי ער זיינען יינגלעך דאָ נאָך אַפּולע,
די וועלט רייסט זיי אָפּ ווי אין וואַסער אריין.״

דער שמש קוקט אום זיך מיט אומרו כסדר,
דערוועגט זיך ניט ריידן אַ וואָרט, נאָר ער צאַפּלט.
און ווי איך אַליין בלויז געוועזן וואָלט אין חדר,
אויף מיר הענגט ר׳ אהרנס פאַרטויכטע שוואַרצאַפּל:
„און וואָס מאַכט דיין מאַמע, זי האָרעוועט״ — פרעגט ער —
„נאָך אַלץ אַזוי ביטער פון שבת צו שבת?״
ער שווייגט מיט אַ וואָלקן פון צער אַ פאַרדעקטער,
און דרייט אום דעם קאָפּ צו ר׳ פייוועלן דעם גבאי:
„די יידענע פלאָגט זיך ביי אייך אין אַ דירה,
איז זייט מיט איר מטיב, האָט איינזען, ר׳ פייוועל,
ס׳איז פרום אויך אַ גלח און געלט איז אַ תאווה,
און איר דאַרפט באַנעמען די מאַטערניש אירע.
די תורה שטייט אין ביי עניים, די תורה״ — — —
דער גבאי ר׳ פייוועל גיט עפּעס אַ מרוקע,
און מורמלט: „ווי איך ווער, ר׳ אהרן, געוווירע,
איז פלעגט מען אייך אָפּטמאָל פאַרזען ביי דער חלוקה.

איך האָב ניט געוווּסט עס. זייט מוחל.״ ווערט שטרענגער
ר׳ אהרנס געזיכט, נאָר ער שמייכלט מיט ביטול,
און איבערן צודעק זיין באָרד־שפּיץ ווערט לענגער,
ווי ער וואָלט געזעסן ביים סדר אין קיטל.

„דו זעסט וואָס עס ווערט פון אַ מענטשן, מיין זון.״
ווענדט ער זיך צו מיר מיט זיין שמייכל דעם שאַרפן.
דער שמש האָט טאַקע געטראַכט איצט דערפון,
און גלייך ווי אַ פּאַליקע נעמט ער זיך וואַרפן:
„ר׳ אהרן, מיר זיינען געקומען, מיר זיינען״...
נעמט ער ווי אַ טוען פאַר גיטעלען טענהן.
ר׳ אהרן לאָזט אָבער ניט ריידן אים ווייטער,
און זאָגט צו ר׳ יעקבן: „איך האָב געקלערט
מטריח צו זיין אייך אַהערקומען, זייט איר
געקומען אַליין, איז עס טאַקע באַשערט.״

ר׳ אהרן הייבט אונטער פון בעט זיך אָן כוחות,
דערשראָקן טרעט גיטעלע אָפּ צו דער טיר,
פאַרהילט אין איר קאָפּ־שאַל ווי אין אַ פּרוכת,
ר׳ אהרן קוקט לאַנג און מיט רחמים אויף איר:
„דו האָב קיין פאַראיבל ניט, לאָז אונדז אַ רגע.״
נאָר גיטעלע שטייט ווי איר וואָלטן פאַרגיסן
די כוואַליעס וואָס זיינען אַרויס פון די ברעגעס.
„גיי, גיטל,״ — בעט רואיק ר׳ אהרן דאָס ווייב —
„אויך דו גיי, מיין קינד, און די מאַמען לאָז גריסן.״
ס׳בלייבט צוגעקלעפּט צו זיין געלעגער מיין לייב.
ר׳ יעקב נעמט מיך ביי דער האַנט און פאַמעלעך
ער פירט צו דער טיר מיך, און ביז צו דער שוועל. איך

דערהער פון זיין בעט אַ געכאַרכלטן אָטעם:
„גיב כבוד דער מאַמען און וויסן זיי, חיים,
אַז אַלץ וואָס געשעט איז עס מן השמים,
נאָר ווי אַ מענטש נעמט זיך, אַזוי העלפט אויך גאָט אים.״

ר׳ יעקב בייגט טיפער זיין קאָפּ, ווי די גראָע
באַזילבערטע באָרד וואָלט געוואָרן אים שווערער,
און גיטעלע גליווערט אַזוי ווי ס׳וואָלט קלערער
געוואָרן זיין גורל איר פון דער צוואה.
געשמידט איז איר בליק, אין איר פּנים דעם בלייכן,
צום אייז פענכער אויף זיין צעבראַסטעטער ברוסט,
און גיטעלע קען צו דעם שוועל קוים דערגרייכן,
ווי איבערגיין וואָלט זי אַן אָפּגרונט געמוזט.

אין פּאָדערהויז פּלאַצט אויף מיין יינגלשע אימה,
און גיטעלע הערט צו דעם צימער זיך אונטער,
ווי זי וואָלט פאַרנומען געוואַלדן געהיימע,
זי לאָזט מיטאַמאָל אויפן שוועל זיך אַרונטער,
קוקט אָן מיט געבעט מיך, ווי זי וואָלט געציטערט,
אַז איך זאָל ניט יינגלש פאַרגיין אין געיאָמער,
איך זע ווי עס וויינען די הענט אירע ביטער,
זי קוקט צום סופיט אַרויף: „טאַטעניו, טאָמער
ווערסטו אויף דיין דינסט זיך דערבאַרעמען, טאַטע,
מאַך אָרעם און קראַנק מיך, נאָר לאָז מיר מיין קרוין,
דיין תורה צו שפּייזן איך גיי אום אין שמאַטעס,
איך פריר אויפן מאַרק, אין אַ תפיסה איך וווין.
לאָז, גאָט, מיך ניט ווערן אַ בוים אַ פאַרשמאַכטער,
אָן אים לעשט דאָס ליכט פון מיין שבת זיך אוים.״

זי שעפּטשעט און הענגט אויף דער טיר דער פאַרמאַכטער,
ווי דאָס וואָלט געוועזן דער ארון אין קלויז.

זי לאָזט פון איר האַלדז ניט אַרויס דאָס געוויין,
ווי ס'וואָלט אויף דער שטילקייט געהאַנגען זיין לעבן,
מיטאיינמאָל בלייבט זי אַ צעטומלטע שטיין,
אַ ייד לאָזט זיך גיין צו דער טיר פון מיין רבין.
זיין וואַלדיקער פּנים אין האָר איז פאַרזונקען,
און שוואַרץ איז ער ווי ער וואָלט טינט נאָר געטרונקען.
די הענט אויפן האַרץ אין די אַרבל פאַררוקט,
גיט ער אַ שטעל אויס אַ פּאָר אויגן פאַרפרומטע,
וואָס האָבן קיינמאָל אויף אַ פרוי ניט געקוקט:
„דער סופר בין איך. ס'האָט דער רב מיך באַשטעלט."
און גיטעלע גלאָצט אויף דעם ייד אַ פאַרשטומטע,
ווי זי וואָלט געפילט, ס'איז געענדיקט איר וועלט.

דער שמש באַווייזט זיך, ווי ער וואָלט פאַרשמייעט
אַ יידן געזוכט צו אַ מנין אין פּאָליש.
דערזעט ער דעם סופר אין ווינקל פאַרטייעט,
און שוואַרץ איז ער שוואַרץ, ווי זיין טינט סופריש-גאַליש...
דער שמש זאָגט: „רביצן, זייט אַזוי גוט."
ער וואַרפט מיט די הענט ווי אין מאַרק אַ פאַרקויפער,
און שטופט אין דער טיר זי אַהינטער דעם סופר.
איך זע דורך דער טיר, אויפן קישן הויך רוט
ר' אהרן מאליאַטער. און שאַרף ווי אַ חלף
זיין באָרד און געזיכט גיט אַ פלאַמיקן שטראַל אויף — — — —

די מיר מאַכט זיך צו. און אין פירהויז פאַרנעם איך
ר׳ יעקבס פאַרשטיקטע געבראָכענע שטים:
„צי ווילסטו דאָס ווייב דיינס גיטל בת למך
איצט גטן?״ — און ס׳ענטפערט דער שכיב־מרע אים:
„איך וויל. מיטן אייגענעם רצון איך וויל.״
דער רב ציילט די ווערטער וואָס פאַלן ווי טראָפּנס,
ווי אייז־קאַלטע טראָפּנס דעם חולה צוקאָפּן,
פאַרטרויערט און באַנג, אַזוי ווייטיקלעך־שטיל:
„זאָג, גיטל, צי איז עס דיין אייגענער ווילן
צו נעמען ביי אהרן דיין מאַן איצט אַ גט?״
און פּלוצלינג דערהער איך פון צימער פון שטילן
אַ קראַך — ווי געחלשט וואָלט זי ביי זיין בעט.

# די לוויה

אַזוי ווי אַ וואָלקן הענגט שוואַרצע אבילות,
און מאַרק-ווייבער אין די פאַרשנייטע פאַטשיילעס,
באַלאַגערן שרייאיק דעם נפטר אין שטיבל,
פון ענגשאַפט און היץ בייגן אויס זיך די ליכט.
אַ פרוי שרייט צום בר-מינן: „האָט ניט פאַראיבל.״
און אויף איר געקאַרבט און גערונצלט געזיכט,
גייט אָפּ מיט די טרערן אינאיינעם דער פראָסט,
און רינט פון איר פנים, צעשפּאָלטן פון קעלט,
פאַרברענט פון די פייער-טעפּ, אַש-גלי און ראָסט.
זי שרייט ווי זי וואָלט אין אַן אָפּגרונט געשריען:
„ר׳ אהרן, איר זאָלט אויף דער אמתער וועלט
פאַר מיר און פאַר מיינע יתומים זיך מיען.״

און ביי דעם אַריינגאַנג, צוקאָפּנס פון נפטר,
אַ תהילים-ייד זיצט אין אַ פויערשן פעלץ,
מיט חלבנע שטיקער איז ער אַ פאַרטריפטער,
און שניי-טראָפּנס לעשן דאָס חלב-געשמעלץ.
פאַרטויבט פון געיאָמער און מיד פון ניט שלאָפן,
ער וויגט זיך און פּלאָנטערט די פסוקים פון תהילים,

אַ צוווייטער ייִד ענטפֿערט אַ פּסוק אָפּ שטיל אים,
זיין קול איז מיט ווינט פֿון בית-עולם פֿאַרלאָפֿן.
מיין מאַמע פֿאַרגייט זיך און צוקט ווי אַ סטרונע:

„געהאַט האָב איך, רבי, צו אייך אָפּט אַ טענה,
פֿאַרוואָס מיין זון העלפֿט מיר ניט אין דער חיונה,
זייט מוחל. ס׳איז שולדיק די אָרעמקייט מיינע."
זי האַלט ביי דער האַנט מיך, און איך זע מיט שרעק
דעם טויטן פֿון אונטער דעם שוואַרצן פֿאַרדעק.

איך זע ווי ער ליגט אויפֿן דיל, אויפֿן שטרוי,
און ס׳קריכן אַרויס זיינע קאַלטע פֿיס באַרוועס
פֿון אונטער דעם צודעק פֿאַרשטייפֿטע אַזוי,
ווי לענגער וואָלט ער אויסגעוואַקסן אָט נאָר וואָס.
מיר דוכט זיך, איך זע ווי דער מת נעמט זיך רירן,
ווי ער וואָלט געהערט אַלץ, און קען ניט פֿון פּנים
דעם צודעק אַראָפּנעמען, מוז ער פֿאַרפֿרירן
אין העמד וואָס מען האָט אין שפּיטאָל אָנגעטאָן אים.

בלויז איינע שטייט אין דעם געדראַנג אַ פֿאַרפֿרעמדטע,
זי קוקט זיך אַרום ווי אַ זינדיק-פֿאַרשעמטע,
זי קוקט אויפֿן שאַנק פֿון די ספֿרים אין ווינקל,
זי קוקט אויף די ליכט אַרום מת וואָס דערברענען,
ווי ס׳וואָלט זיך אין פֿענצטער דער שבת צעפֿינקלט —
די בענטש-לייכטער ווילן זי מער ניט דערקענען.
און גיטעלע קוקט אויף דעם נפֿטר מיט פּאַרכט,
ווי דעמאָלט ווען זי האָט אים לערנען געהאַרכט.

און בלאַס איז איר פּנים, אַזוי ווי דער טויטער
אַרויסגעקוקט וואָלט איצט פון אונטער דער הויט איר.

אין הויף שטייען גבירטעס און עפּעס דערציילט
די קרובה פון נפטר — די סוחרטע האָדל.
עס איז איר האַרץ נאָך די ווונד ניט פאַרהיילט,
וואָס איר שוועסטערקינד, אַט אַזאַ אדם-גדול,
ניט זי האָט גענומען, נאָר איינע פון ראַדון:
„פאַר נדן!" — זאָגט האָדל — „אַט האָט איר דעם נדן!
אַז ער האָט מיט איר אין אַ לאָך באַדאַרפט וווינען,
און שמעקן די שטייג מיט די עופות אין קיך,
זי האָט דען געוווּסט ווי מיין קרוב צו שוינען?
געקלאַפּט גאַנצע טעג אים אין קאָפּ מיט די שיך.
נאָר ווען ס'האָט מיין אהרן זי אָפּגעגט, דעמאָלט
ווען זי האָט ניט זיין מער געטאָרט אין איין צימער
מיט אים צוליב יחוד... האָב איך דאָן מיין קרעמל
פאַרמאַכט, און זיך אויך פאַר דער שטוב ניט געקימערט,
געלאָזט אָן השגחה די קינדערלעך נעבעך,
און ניט אָפּגעטראָטן פון קראַנקנס געלעגער.
דער זכות זאָל מיר ביישטיין. אַ מליץ זיין מעג ער
פאַר מיינע קדישים, ווייל נאָר פאַר זיי לעב איך."

די מענער זיך זאַמלען באַזונדער אין הויף.
די גאַס-קרעמער האָבן פאַרשלאָסן די קלייטן,
און אויך בעל-מלאכות זיך קלייבן צונויף
דעם בר-מינן ביז צו דער בריק צו באַגלייטן.
מלווה זיין קומט אויך דער רב פון די גיטין,
און ס'רינגלען אַרום אים די שטאָט-באַלעבאַטים

מיט גרויס דרך־ארץ. דער רב אינדערמיטן
דערציילט, אז געטרייסלט עס האָט ווי אַ בלאָט אים.
מען האָט ניט געקענט ביי דער רביצן פועלן
צו נעמען דעם גט... ביז דער מאַן האָט באַפוילן.

דער שניי שיט און שיט. ס׳ווערט דער עולם געדיכטער,
ביז האַסטיק פאָרט אָן מיט צוויי פערד די עגלה,
און די מרה־שחורה ציט אויס די געזיכטער,
און ס׳טרינקט זיך דער הילצערנער הויף אין יללה.
מען טראָגט אויף די אַקסלען דעם מת אין דער מיטה,
דער קאַסטן בלויז, און אויך ר׳ יעקב דער כהן,
פאַרבלייבן פון הינטן. ער זעט נאָך אַ דריטע —
די גרושה געפירט פון צוויי אָרעמע פרויען.

די קלויז פון ר׳ שאולקען אויף יאַטקעווער גאַס,
וווּ ס׳זיצן די גרויסע בני־תורה, באַהאַוונט
אין חכמה און מוסר, אין פוסקים און ש״ס,
וווּ ס׳האָט אויך ר׳ אהרן געלערנט, געדאַוונט —
פאַרפאַקט האָבן איצט בעל־מלאכות און קרעמער,
און מאַרק־ווייבער זיינען מיט לומדים פאַרמישט,
און גרייט שטייט דער ספדן אינמיטן באַלעמער,
און שאָקלט זיך איבערן נאַקעטן טיש.
די מיטה שווימט איבער דעם ים פון די קעפּ,
מען הענגט אויף די אַלמערס, אויף פענצטער, אויף טרעפּ,
נאָר מיך לאָזט מען דורך ביז דעם מזרח אַצינדער,
ווייל ס׳זיינען תלמידים די אמתע קינדער.

דער ספדן זיך שאָקלט אַריבער דער מיטה:
„רבותי, ר׳ אהרן איז נפטר געוואָרן,
די קרוין פון סלאָבאָדקע, דער כבוד פון ליטע.״
און ס׳וויינט דער באַווײַנער אַרײַן אין דעם ארון:
„רבותי, דער נפטר געמאַכט האָט אַ חיבור
אויף רמב״ם. און מערער געטאָן נאָך פון דעם:
ר׳ אהרן מקדש געווען האָט דעם שם
דורך אָרעמע קינדער. און ס׳זאָגן חז״ל״ — — — —
דער ספדן בייגט איבער מײַן קאָפּ זיך אַריבער,
און אַלע פאַרשטייען, אַז מיך מיינט דער זאָגער.
געעפנט האָט זיך ביי די ווייבער אַ קוואַל
פון טרערן, ווי גאָט האָט געעפנט ביי הגר
די אויגן צו מערקן אין מדבר דאָס וואַסער.
שרייט העכער דער מספּיד: „אַז ווינד איז און ווי איז.״
און פינצטער צעבערענט זיך זיין פּנים דער בלאַסער,
ווי שוואַרצע הבדלות אים ברענען די פּיאות:
„איר ווייסט פאַרוואָס ס׳איז אַזאַ צדיק געשטאָרבן?
פאַר אונדזערע זינד! ווייל מען היט ניט קיין שבת,
מען האַנדלט אין קראָם אונטער שלעסער און שטאַבעס,
פאַר אונדזערע זינד איז געפאַלן דער קרבן.״
און ווי עס פאַרמאַכן זיך פרייטיק די קראָמען,
פאַרמאַכן זיך מײַלער... און ווען דער קטיגור
פאַרענדיקט זיין הספּד מיט „אמן ואמן״,
מען פירט אויפן שול־הויף דעם מת ווי דער שטייגער.

און דאָרט אויף די טרעפּ ביי דער קלויז פון דעם גאון,
נעמט ווידער די אייבערהאַנט רחמים און טרויער,
די עדה איר צער טוט דעם גאון פאַרטרויען,

געפּאַקט איז דער שול-הויף פון טויער ביז טויער.
איצט דרשנט אַ פּרוש אַ יונגער: „אוי, הייליק,
אַזוי ווי די תורה אַליין, זיינען יידן,
און לערנט איין ייד, האָט דער צווייטער אַ חלק,
נאָר יענע וואָס האַנדלען אויף מערק און ירידן,
צי טראַכטן זיי פון אַ בן-תורה וואָס הונגערט?
ר׳ אהרנען האָט ניט געקלעקט אויף קיין ברויט!״
די עדה פאַרשטומט, ווי דער פּרוש דער יונגער
וואָלט זיי זיינע אייגענע צרות פאַרטרויט.

און די בעלי-מלאכות וואָס האָבן די אַרבעט
געלייגט, צו באַגלייטן דעם מת ביזן בריק,
זיי הערן, די תורה אין ארון איר שכר בעט
כאַטש איצטער... גייט קיינער פון זיי ניט צוריק.
און יעדער שטעלט אונטער דער מיטה זיין פּלייצע,
ווי ער וואָלט געבעטן דורך דעם אַ מחילה,
ווי דאָס וואָלט געווען צו פּרנסה אַן עצה,
און ביז צום בית-עולם מען שאַרט זיך נאָך שטילע.

און אויפן בית-חיים שוין ברענט אַ לאַמטערן,
די ערד די געפרוירענע דאַרף מען מיט פייער
דערוואַרעמען, ס׳מוז ביז דער קבורה געוווערן.
דעם בר-מינן זיינען בלויז פּרושים מטהר.
עס שווייגן די ווייבער פאַרנורעט אין טיכער,
ס׳האָט איטלעכע דאָ איר בית-עולם. פאַראָבלט
מען טראַכט פון די קברים, פאַרוויינט אין געוויכער.
אַ ייד זאָגט אַ תפילה וואָס שטייט אויף אַ טאָוול,
דער שטיינערנער סידור פון שימל איז גרין,

דער ייד שרייט די פסוקים פון צדק הדין,
ער שאָקלט זיך ביז עס ווערט וואָרעם און היים אים,
און ענדיקט אָפּ: „ברוך... מחיה מתים."

די לומדים בשתיקה פון עולם באַגלייטער
באַראַטן זיך עפּעס. דער איווייער וויל האַלטן
אַ הספד. ער לאָזט ניט דעם נפטר באַהאַלטן
ביז ער וועט ניט ריידן. און ביז אַ קריג גייט ער.
ס'איז פינצטער און ממש פאַרפרוירן מען ווערט,
פונדעסטוועגן שטייט מען ביים קבר, און פאַקלען
באַלויכטן די שאָטנס וואָס ציטריק זיך וואַקלען,
און ס'דונערט דער איווייער: „וואָס האָט דען די ווערט
די אַלע יסורים וואָס ער האָט געליטן?
צי קען זיין אַ גרעסערע שמחה ווי היטן
אַ דין, און נאָך זיין אַ מחדש חידושים?"
שרייט אוים דער מתנגדישער פּרוש דער אַלטער,
און דערקט אָפּ דעם טויטן ווי ער וואָלט אַ קוש אים
געוואָלט טאָן אין קאָפּ. און מיר דוכט זיך, אָט פאַלט ער,
דער איווייער, אַריין אין דער אָפענער קרקע,
דאָך שרייט ער מיט קולות באַנומענע, שטאַרקע:
„רבותי, ר' חיים וואָלאָזשינער זאָגט,
אַז לערנען איז גרעסער ווי מצוות טאָן, גרעסער!
איז וואָס האָבן מיר זיך פאַר יידן באַקלאָגט
אויף הונגער? — קען עמעצן זיין פון אונדז בעסער?
איר זאָלט עס ניט מיינען, רבותי, ניט מיינען!
דעם שאַרבן וואָס האָט זיך אין תורה געוויקט,
דעם שאַרבן וואָס ווערט איצט אין קבר געלייגט,
די הענט און די פיס זיינע — זאָלט איר באַוויינען!"

און גלייך ווי אים וואָלטן די טויטע געענטפערט,
דערהערט זיך מיט איינמאָל אין פעלד אַ געשריי.
ס'האָט גיטל געשטומט אַ באַדעקטע מיט שניי,
ווי זי וואָלט דער ערד זיך שוין איבערגעענטפערט,
און איצט זיך צעשריען: „ר' אהרן! ר' אהרן!"
זי נעמט צו דעם גוף אין תכריכים זיך שפּאַרן.
די יידענעס מיט אָפּגעפרוירענע גופן
זיך סודען: „זי שעמט זיך 'מיין מאַן' אים צו רופן."
„פאַרהאַלט זי, פאַרהאַלט." — שרייט אַ ייד צו די ווייבער —
„דערלאָזט זי ניט נענטער, האַלט צו זי ביים אָרעם."
און ס'רינגלען אַרום זי פאַרוויקלטע ווייבער,
וואָס זעען אַליין אויס געבערגלט ווי קברים.

דער ייד טרייסלט אָפּ דעם פאַרשניי פון זיין באָרד,
און קוקט אויף דער גרושה. ס'איז צייט פאַר אַן אַלמן
ווי ער צו אַ טראַכט טאָן. ס'איז גלאַט נישט דאָס אָרט
צו קלערן פון דעם אויפן ווילנער בית-עלמין.
און פון דער מחשבה אין קאָפּ גיט אַ רויש אים.
ער האָט דער פרוי נאָכגעקוקט אויף דער לוויה,
זעט אויס אַ פאַרשעמטע איז זי און אַ טרייע, —
באַדאַרף מען געדולדיק זיין איבער די שלושים.

# דער נסיון

כאָטש פּטור פון שבעה איז גיטל די גרושה,
אין זאַקן זי זיצט אויף אַ נידעריק בענקל,
דאָס פּנים פאַרוויקלט אין שאַל ווי פון בושה,
און קוקט אויפן ש״ס אינעם גלעזערנעם שענקל,
ווי זי וואָלט דאָרט צווישן די ספרים דערזען אים,
ווי דאָרט וואָלט נאָך ליכטיק און וואַרעם געווען אים...
זי שווייגט, ווען דער הויף ברענגט איר אייער און בייגל,
נאָר ווען ס׳קומט ר׳ פּייווע דער הויז-ווירט זי טרייסטן,
און קוקט זיך אין שטיבל אַרום מיט אַן אייגל,
זי ציטערט ווי ער וואָלט געקומען איר בייז טאָן.

ביז ס׳גייען די טעג פון דער שבעה פאַרביי,
און ס׳קומען בכיוון אַריין צו איר קונדן,
זי שלעפּט אירע סחורות ווי קוישן מיט בליי,
און ווי זאָגן שכנים: די צייט היילט די ווונדן.
און ווען עס פאַרענדיקן אויך זיך די שלושים,
קומט בערל דער אלמן און טאַפּט אירע עופות.
„אַ רעכטס״ — זאָגט ער — „גיט מיר, אויף שבת איך קויף עס,״
און גיטל אַליין טראָגט עס נאָך אין אַ קויש אים.

זי איילט זיך, עס שטייט ניט אויף איין אָרט דער פּרייטיק,
ר׳ בער גייט פּאַמעלעך. זיין באָרד איז פון דראָט,
ער הוסט אָפּ און קרעקעט און קוקט אויף איר זייטיק,
און ס׳איז באַלעבאַטיש־מיושב זיין טראָט.
און וואָס דאַרף ער וויסן, ר׳ בערל דער סוחר,
די צייט וויפל זי האָט געלעבט מיט איר מאַן?
ס׳איז פרייטיק, און ער גייט בנעימותדיק, רויכערט,
ווי יום־טוב. פאַרלאַנגזאַמט אויך גיטל איר שפּאַן.

און גלאָט אַזוי רעדט ער און קוקט אויף איר קאַסע,
זינט ער איז אַליין איז די שטוב אַ פאַרלאָזטע,
ס׳איז גרויס דאָס געשעפט און בריוח פּרנסה,
נאָר אַלץ איז ניט דאָס אָן אַ שטוב־באַלעבאָסטע.
מען רעדט אים שידוכים גאָר יונגינקע ווייבלעך,
ער וויל ניט קיין היינטיקע, ער וויל אַ צנועה,
די היינטיקע גייען אָן טיכלעך, אָן הייבלעך,
און שפּרינגען אַזוי ווי די פערד פון דער דוהע.
ער האָט אויסגעגעבענע טעכטער, דאָך מוז ער
פאַרגרייטן אַליין זיך אויף שבת אַ הינדל,
זיי זיינען ניט פרום און עס העלפט ניט קיין מוסר.
און גיטעלע פּילט, פאַר די אויגן איר שווינדלט.

אין שטוב ווייזט ר׳ בערל איר קופערטס מיט וועש,
און אַלמערס מיט גלאָזוואַרג, געשיר גאַנצע שטויסן,
מיט קאַסטנס פול שלעסער, פול קופער און מעש
דער אייזן־ייד חתנט זיך, שטייט גאָר אין גרויסן.
לסוף זאָגט רב בערל, ווען זי וואָלט געוואָלט,
אַריינקומען קען זי פאַרנאַכטלעך אויף קידוש.

און כאַטש ס'האָט דער ייִד פֿאַר דער הון איר באַצאָלט,
זי שטייט נאָך אין שטוב ווי אין שרעק און פֿאַרחידושט.
אין גאַס ערשט דערפֿילט זי, ס'ווערט קאַלט איר און וואַרעם,
זי וויל איצט אין שניי אויפֿן קבר זיך לייגן,
איר האַרץ אים פֿאַרטרויען, דערציילן איר צער אים:
„אָ, זיי אויף מיר מגין, אָ, זיי אויף מיר מגין."

און פֿרייטיק צונאַכט אין איר אומעטיק הייזל,
זי קוקט לאַנג פֿאַרטראַכט אויף די ספֿרים אין שאַנק,
עס רודערט אין קיך זיך, ווי דאָרט וואָלט אַ מייזל
פֿאַרשלעפּט און געגריזשעט איר האַרץ וואָס איז קראַנק...
דער מיין פֿון איר מאַן איז געוועזן אַז זי
זאָל גרינגער זיך מאַכן. און ער פֿלעגט איר זאָגן,
אַז פֿאַר איר אמונה אין אים און איר מי,
וועט ער די אחריות אויף יענער־וועלט טראָגן.

צום ערשטן מאָל זינט ס'האָט ר' אהרן פֿאַרקרענקט,
זי מאַכט היינט דאָס בעט און טוט אויס אירע קליידער,
זי לייגט זיך און קרעכצט... און אַ ליכט־שיין פֿאַרשווענקט
מיט היימישער וואַרעמער שטילקייט איר חדר.
ביים טיש זיצט ר' אהרן, זיין שטערן איז גלאַט,
ער קוועלט זיך ניט איצט אויף קיין ענין קיין האַרבן,
פֿאַר שבת פֿאַרקנייטשט ער אין רמב"ם דאָס בלאַט,
און ס'גייען אַראָפּ פֿון זיין שטערן די קאַרבן.
דאָס עסנוואַרג אָפּגעראַמט איז פֿונעם טיש,
ער קוקט אין דער וואָך־סדרה, און אויף די בלעטער
זיין באָרד שפּרייט זיך אויס אַזוי שטראַליק און פֿריש,
אינדרויסן איז חושך — אַ שדישער וועטער.

צעעפּנט די טיר זיך און ס'קייקלט אַריין זיך
אין שטיבל דער איוויער. ער קלאַפּט אָפּ דעם שניי,
אַ ווינט לויפט אים נאָך און ס'צעהווידעט די שיין זיך;
און פול ווערט דער חדר מיט גאַס און געשריי:
„גוט שבת, ר' אהרן," — שרייט פריילעך דער גאַסט,
און ברייט איז ער, קורץ, און מיט פּראַסטיקע באַקן,
ער זעצט זיך אַראָפּ אויפן בענקל מיט האַסט,
און גיטעלע שטוינט פון זיין אייזערנעם נאַקן.
זיין בערדל וואַקסט האַרט, ווייס־געפרוירן ווי אייז,
די טראָפּנס פון באָרד אויפן דיל הילכיק פאַלן,
מיט בלוט און מיט מילך שפּריצט דאָס פּנים פון גרייז,
און רעדט ער, איז גלייך ווי אַ שופר וואָלט שאַלן:

„ר' אהרן, ס'געפעלט מיר ניט" — שרייט ער — „דער דרך
פון אייך די סלאָבאָדקער, און אויך ניט פון קעלעם,
די שמועסן אייערע יאָרן־לאַנג הער איך —
און גאָרנישט פאַרשטיי איך. ס'איז סוד. מדרש נעלם.
אויב לערנען די תורה און מצוות איז ווייניק,
וועט זיכער ניט ראַטעווען פון דער השכלה
קיין מוסר. און דאָס וואָס איר זאָגט אַז עס רייניקט,
כ'מיין בירור המידות, איז נאַרישקייט גאָלע.
אַ מוסרניק זעט איין אין יידישקייט בלויז
בין אדם לחברו. און ווו איז דער הימל?
און ווו איז בין אדם למקום? — שרייט אויס
דער איוויער... און גיטעלע שרעקט זיך אין דרימל.

דער איוויער האָט מעשענע נעגל וואָס בליאַסקען,
און רק אין דער דרויב פון די חינער ער נישטערט,

איר אהרן וועט קיינמאָל קיין שאלה ניט פּסק'ענ,
ער שטייט ביי דעם אַלמער, די ספרים לאַנג מישט ער.
דערפאַר טוט דער איוויער קיין קוק ניט אין ספר,
„ס'איז טריף!" — שרייט ער גלייך, נעמט די נעגל זיך שאַבן,
און מאַכט פון איר מאַטערניש עפר ואפר.
אַ קברן איז ער... ביידע ווייבער באַגראַבן.

זעט גיטל, איר אהרן צעעפנט די ליפּן,
ער זאָגט וואָס. דער איוויער מאַכט שפּאַטישע תנועות,
און קרימט זיך. און גיטעלעס האַרץ הייבט אָן כליפּען,
זי הערט ניט די שטים פון איר מאַן אינעם שמועס.
זי הערט ווי דער איוויער איר צדיק דערצערנט:
„וואָס טויג אייך אין שטוב דער פאַרעיפּושטער מארק
פון עופות? אויף דעם האָט איר תורה געלערנט?
געפינט אַ רבנות! וואָס, שטעט זיינען קאַרג?"
און גיטעלע פילט ווי איר האַרץ ווערט צעריסן,
זי וואָלט זיך פון הויט אויסגעטאָן און געבעטלט,
איר מאָן זאָל פון דאגות פּרנסה ניט וויסן,
ניט האָבן צו טאָן מיט מחלוקת אין שטעטל
פאַר הייוון און שחיטה — דאָס גרויסע פאַרדינסט...
זי וויל ניט קיין רביצן זיין און ניט גלאַנצן,
און גרייט איז זי שטעלן זיך אויף פאַר אַ דינסט,
זיין תורה צו איר זאָל געהערן אינגאַנצן.

און הויך נעמט זי קרעכצן. דרייט אויס זיך ר' אהרן,
און קוקט אויף איר שטום מיט אַ בליק מיט אַ שטאַרן,
ווי ער וואָלט געוואָלט אַז זי זאָל זיך פאַרשטעקן,
דער גאַסט זאָל ניט וויסן. דער אורח נעמט קוקן:

„ווער איז דאָרטן?" — פרעגט ער מיט רוגזה און טרוקן,
און גיטעלע פילט, אַז זי טאָר זיך ניט וועקן.
זי הערט ניט וואָס ס'ענטפערט איר מאַן, נאָר מיט כעס
דער איוויער שפּרינגט אויף: „מיט אַ פרוי פון דער גאַס?!"

דערזעט זי, איר מאַן אויפן שטול פאַלט אַן לשון,
פאַרגלייזט די שוואַרצאַפּל, זיין פּנים ווערט געל,
דאָס מויל אויפגעריסן, זיין באָרד איז צעפלאָשן,
דער איוויער, איין פוס אויף דער אַנדער זייט שוועל,
באַווייזט אויפן אַלקער און שרייט מלא חימה:
„אַ גרושה ווילט איר אין גן־עדן זאָל זיין
אַ פוס-בענקל אייך?"... נאַכט און שאָטנס געהיימע
פאַרפלייצן דאָס שטיבל און שלינגען עס איין.

ס'כאַפּט גיטעלע אויף זיך באַשלאָגן מיט שווייסן,
די ליכט אויפן טיש האָבן לאַנג אויסגעברענט שוין:
זי קען מער דאָס ווייב פון ר' אהרן ניט הייסן,
ניט דאָרט אין גן־עדן, ניט דאָ פאַר די מענטשן.

און זונטיק בייטאָג קומט צו איר אין דער וווינונג
דער רבי ר' יעקב. ער רעדט ווי אַ פאָטער.
אין אירע יסורים אַריינגעטראַכט האָט ער,
און נאָך הונדערט יאָר וועט זיין גרויס איר באַלוינונג.
ר' אהרן געווען איז אַ זעלטענער פּערל,
אַוודאי איז ניט אַזאַ למדן ר' בערל,
דערפאַר איז ער פרום, אַ בעל־צדקה און ערלעך,
אַ גביר, אויסגעגעבענע קינדער, אין פלוג

פאַרשטייט אויך דער רב, אַז עס דאַרף זיין איר שוועךלעך,
נאָר זי האָט געפּייניקט זיך איבערגענוג.

און גיטל פאַרשטייט, אויב דער רב רעדט דעם שידוך,
געווים איז אַ חשוב ר׳ בערל דער קרעמער.
ער איז אַ פאַרצייטיקער ערלעכער ייד דאָך,
און זי וועט צום ברונעם ניט גיין מיט אַן עמער,
ער טוט אַלץ אַליין. זי וועט זיין באַלעבאָסטע.
און גיטל דערזעט מיטאַמאָל די חדרים,
די קאַסטנס מיט פּודיקע שלעסער פאַרראָסטע,
און ס׳בויערט אַ שרויף זי — אַן אייזערנער וואָרעם.
דער רב שטייט נאָך אַלץ און ער רעדט ווי בסוד:
איר מאַן האָט אַ גט צוליב דעם איר געגעבן — — —
דאָס וואָרט טריפט אויף גיטעלעס וווּנדן ווי יאָד.

דער רב גייט אַוועק. ס׳בלייבט אין שטוב נאָכן רבין
זיין זילבערנע באָרד ווי אַ פאָרהאַנג פון שניי.
זי קוקט דורכן פענצטער אין ווייסן געדריי,
און זעט ווי אַ שפּיציקער שאָטן שניידט איבער
די ווייסקייט. ס׳באַווייזט זיך דער הויף־באַלעבאָס,
ער רעדט צו איר זיס, ווי ער וואָלט פאַר דעם ציבור
געדאַווענט, ער היט זיך איר מאַכן פאַרדראָס.
זיין פּנים איז פרום און געלאַסן זיין שטים איז.
די רביצן וויים, זאָגט ר׳ פייוועל בנעימות,
אַז ביליק האָט ער איר די וווינונג גערעכנט.
איצט דאַרף ער דאָס שטיבל. אַ וואַנט מוז ער ברעכן,
זיין סקלאַד מאַכן גרעסער. און ער איז איר מוחל
דאָס געלט וואָס זי קומט פאַר חדשים זעקס־זיבן,

ער וויל, חס ושלום, ניט ווערן געשטערט׳ווייכלט,
דער הויף זאָל ניט זאָגן, ער האָט זי געטריבן.

און גיטל אַליין בלייבט אין שטיבל און האָרכט,
איר דאַכט זיך, דער גט וואָס זי האָט טיף באַגראָבן
אין שאַנק פון די ספרים, באַוועגט זיך און שאַרכט,
ווי ער וואָלט געזאָגט איר: „מעגסט חתונה האָבן.״

דעם אַנדערן פרייטיק צום נאַכט-מאָל איז גיטל
געזעסן ביים טיש ביי דעם סוחר פון אייזן,
געמאַכט האָט ער קידוש אין פוטערנעם היטל,
ווי ער וואָלט געוואָלט איר זיין יום-טוב באַווייזן,
וואָס זי איז געקומען. דערנאָך ביי דעם עסן,
האָט ער ווי אַן אָרעמען גאַסט זי געמונטערט,
און זי איז פאַריאושט ביים טעלער געזעסן,
ווי איינער וואָס קוקט אין אַן אָפּגרונט אַרונטער.
ר׳ בער האָט דערציילט איר אַ מעשה שהיה
ווען ער האָט געדינט אין סאָלדאַטן אין טולע.
און זי האָט געשוויגן, געהאָרכט מיט הכנעה,
אַראָפּ איז זי פון איר רבנישער גדולה.
דערציילט האָט ער איר פונעם קריג מיטן טערק,
דערנאָך פון די רייך-אויסגעגעבענע טעכטער.
און ס׳האָט דאָס פאַרכריפּעט-פאַרראָסטע געווערק
פון וואַנט-זייגער איר אין די שלייפן געקלאַפּט,
ווי ער וואָלט געווען אַ ביינאַכטיקער וועכטער,
וואָס היט אָפּ די קראָמען און שלעסער באַטאַפּט.

און ווען זי האָט אויפגעשטעלט זיך פון איר אָרט,
האָט בערל פּראָסט־פּשוט גערעדט פון דער חופּה,
געקלעפּט האָט נאָך פּיש אויף זיין שטעכיקער באָרד,
און איר אויפן האַרצן געדריקט האָט די קופּע
פון בייכיקע שלעסער, ווי פּגרים פון זשאַבעס.
נאָר אויף איר צוריקוועגס אַהיים צו איר כאַטע,
איז איר נאָכגעגאַנגען דער ריח פון שבת,
פון שפּייזאַלמערס פולע און מאַלצייטן זאַטע.

# די חופּה

פאַרטראַכט האָט ר׳ בערל די חופּה צו שטעלן
אין שטעטל ווילייקע. אין שטאָט איז ניט פּאַסיק
פאַר מענטשן. אויך גיטעלען איז עס געפעלן,
און זי האָט געזען ווי ער איז זיך מתעסק,
נעמט מיט צו דער חופּה אַ פּלעשל מיט וויין,
און האָט אויך באַפוילן זיין שטוב אויפצוראַמען.
געקומען איז ער אין איר שטיבל אַריין,
זי איילן. זיי זאָלן די באַן ניט פאַרזאַמען.

דעם שבת האָט זי אָנגעטאָן אין דער וואָך,
געשפיליעט די מאַנטל־קנעפּ לאַנג און ניט זיכער,
ווי פול מיט חרטה וואָס זי קען איר בראָך
ניט צודעקן לענגער מיט אָרימע טיכער.
זי האָט אָנגעבויגן איר קאָפּ אַזוי ווייפול,
ווי אויסגעקוקשט וואָלט זי די שטיינער פון ברוק,
נאָר זי האָט דערפילט אַרום זיך אַ געקוק
פון שכנים... און לויפן געלאָזט זיך פון הייפל.

אין באַן האָט ר׳ בערל אַ לאַנגע געשיכטע
דערציילט איר — צום צוואַנציקסטן מאָל מן הסתם,

און איבער זיין לופ האָט זיין וואָנס די געדיכטע
פאַרזשאַווערט געראָסט ווי אַן אייזערנע קאָם.
דערציילט האָט בנחת ר׳ בער, מיט אַ טאָלק,
מיט אַלע געניויקייטן ווי מען באַדאַרף עס:
אַז וויפל ער האָט ניט געליטן אין פאָלק,
דאָך האָט ער קיינמאָל ניט געגעסן קיין טרפות.
אַ פאַרב האָט געשפּילט אין זיין פּנים ברוין-גלאַנציק,
אַ חתן... האָט דאָס אים צעטומלט אַביסל:
געדינט האָט ער אין אַ געשעפט אַ יאָר צוואַנציק,
און אים בלויז געטרויט האָט דער סוחר די שליסל.

ביז גיטעלע פון זיינע מעשות ווערט מיד,
ס׳פאַרדרייט זיך איר קאָפּ פון די גרויסע פאַרמעגנס
וואָס אָנגעטרויט האָט מען אַמאָל אָט דעם ייד,
אויך ער כאַפּט אַ דרימל דערווייל אונטערוועגנס.

ס׳וויגט גיטעלע זיך צו דעם טאַקט פון דער באַן,
זי מאַכט צו די אויגן... און זיצט מיט איר חתן,
זי ווייס, עס וועט זיין דער מאַליאַטער איר מאַן,
און ס׳ווערט איר געזיכט מיט אַ פלאַם אָפּגעגאָסן.
חוץ גרויס אין דער תורה, איז ער אויך אַ זינגער,
געדאַוונט אַ מוסף האָט ער אין דער שול,
אַז ס׳האָבן געלעקט באַלעבאַטים די פינגער,
ס׳איז ראַדון געוועזן מיט דער נייעם איבערפול:
ס׳איז גיטעלעס חתן אַ גרויסער מנגן.״
קוקט זי אויף זיין האַלדז איצט אין שניי-ווייסן קראַגן — — — —

זי זיצט אַ פאַררויטלטע ווי אַ קליין מיידל,
זי שעמט זיך, ס'באַפאַלט זי אַ קינדישע רוגזה,
און אויף זיינע פינגער די לענגלעכע קוקט זי,
זיי האַלטן דאָס גלאָז אַזוי דין, אַזוי איידל.
און נאַריש זי שטאַמלט: „איז צוקער גענוג?"
באַטראַכט ער זי לאַנג, אַזוי רואיק און קלוג,
און ענטפערט: „האָסט צופיל אַריינגעלייגט צוקער.
ווייסט, לאָמיר זיך בייטן." איר גלאָז רוקט ער צו,
ווערט היים איר, ער זאָגט איר צום ערשטן מאָל „דו",
און ווי אין אַ שפיגל פון איר גלאָז טוט אַ שלוק ער.
און ער טוט דערשטוינט אַזאַ ליכטיקן שמייכל:
„דו טרינקסט ניט קיין זיסע, דו טרינקסט גאָר מיט שכל."
און זיין טיי, וויל ער, זאָל זי אויסטרינקען דייקע,
און נעמט ביי דער האַנט זי... „אַט איז שוין ווילייקע"...

עס איזביים ווילייקער אין שטוב אַ יאַריד,
מען האַוועט, מען לויפט. ס'קומט אַ פּאָרל זיך גטן,
פּאַרנוסע איז שטאַרק דער צעפּלאַשעטער ייד,
שטעלט ער ניט אַוועק זיך ביי מאַן־און־ווייב בעטן,
אין שלום זיך לייגן. ער גט זיי אַפּ גיך.
און קריגט אַ פאַרלאַזענער מאַן ניט קיין היתר
אַ צווייטע צו נעמען — דער רב נעמט אויף זיך
דער היתר פון מאה רבנים אויף שפּעטער.
היינטמאָדיש און קלוג איז דער רב פון ווילייקע,
און וואָס ניט פאַרענטפערט האָט רבא, אביי,
און וואָס אין חז"ל איז געבליבן אַ תיקו,
פאַרענטפערט דער רב מיט אַ פרומער העזה.

אז זיין זאָל די חופּה כּדת וכדין,
באַדאַרף ער קיין עדות קיין פרעמדע ניט דינגען,
אַ מנין האָט ער פון די אייגענע זין.
צוויי כאַפּן דעם חתן ווי מלאכי חבלה,
פיר האַלטן די שטאַנגען, די אַנדערע זינגען,
דער רב אַליין טוט אַ פאַרקאַשער די פּאָלע,
און גלייך ווי אַ שוחט אַן עוף גיט אַ קוילע,
און טוט עס דערנאָך הינטער זיך אַ פאַרוואַרף,
דער רב פּליקט די ברכות, און שניידט אונטער שאַרף:
„באַצאָלן!" די געסט בלייבן אָפּגעפּליקט־הוילע.
ס׳ציילט איבער געניט דער מסדר קידושין
דאָס געלט פאַר רח״ש, ווי להבדיל אַן ערל
די לייזונג אין מאַרק. און פאַרבליבט בלייבט דאָס פּאַרל:
מען קען אויך אין שטוב ביי דער רב זיך צעקושן.

ר׳ בער איז צעטומלט אין ווינקל געשטאַנען,
ווי פּאַסט אים דאָ זיין, ס׳איז אַ חילול השם.
דער רב דער ווילייקער די זאַך האָט פאַרשטאַנען,
און ברייטלעך געגעבן די הענט אַ צענעם,
און כלומרשט ער חידושט זיך: „ברוכים הבאים!
אַ גאַסט! מען וועט דאַרפן דעם אויוון צעברעכן."
און פלינק דער ווילייקער דערלאַנגט אַ באַרעכן:
אַ שטאָט־באַלעבאָס און עס גייט נאָך אַ פרוי אים.
ער שפּריצט אַזש און זידט ווי אַ טשייניק מיט וואַסער:
„די ווילנער רבנים מיך האָבן געאַסרט,
זיי האָבן פאַרקאָכט קעגן מיר אַזאַ קאַשע,
אַז ס׳איז אויף צוויי צדדים צעריסן מיין שטאָט.
ווער הערט זיי? מען קומט צו מיר פאָרט, דאַנקען גאָט,

וואָס רודפן זיי אָבער מיך גראָד? מאַכט רש"י:
„איך בין אַ ציוני," — פאַרטייטשט דער רב פשט אים —
„געווען אַ ציוני איז אויך הרב ריינעס,
און איך בין זיין תלמיד." לייגט אויס זיינע טענות
דער רב, ס'זאָל דערגיין צו די שטאָט־באַלעבאַטים.

ר' בער אָבער ספקט, ער קראַצט זיך און קראַקעט:
„ווי שיקט זיך עס זאָגן, אַז ווילנער רבנים" — — —
דערלאַנגט דער ווילייקער אַזאַ מין קוק אָן אים,
ווי ער וואָלט דערזען אים אין בית דין־שטוב נאַקעט,
אַזוי ווי אין מרחץ: „אַזוי גאָר, געווים
זייט איר אויך אַ חברה־מאַן אין דער „אגודה",
איז וואָס דאַרפט איר מיך?" — פרעגט ער גאַליק און זים —
„איך בין דאָך געקנסנט, כמעט אַ מנודה."

ר' בער ציט דעם קאָפּ איין און שמייכלט פאַרלעגן:
„וואָס איך וויל פון אייך איז אַ חופּה, גאָר פּראָסט."
און אַז דער ווילייקער זאָל ווייטער ניט פרעגן,
מיט גאווה ער זאָגט: „ס'איז די פרוי פון מאַליאַטער."
נאָר ס'הערט אים דער רב ווי דעם נעכטיקן פראָסט,
ער האָט צופיל צייט מיט דעם יידן געפּטרט:
„ישעיה, דניאל," — מיט שטאָלץ רופט דער טאַטע —
„וווּ ביסטו יחזקאל, ווו דרייסטו זיך יונה?"
און ס'קוקט זיך ר' בערל אַרום תמעוואַטע,
עס גיט דער תנ"ך פאַר די אויגן אַ פלי אים,
הפטרות אַ צענדלינג מיט נעמען אַזוינע,
און פול ווערט די שטוב מיט ווילייקער נביאים.
זיי טראָגן אַרום זיך אַזוי ווי די שדים,

מיט מאָגערע פּנימער, לאַנגע ידים,
ר׳ בער וויל וואָס זאָגן, נאָר ס׳בלייבן די רייד אים
אין גאָרגל, מען הערט ניט אין רעש סיי ווי סיי אים.

דעם רב דעם ווילייקער איז קנאַפּ וואָס אַ חילוק
ווער איז זי די פרוי, נאָר דעם שטאָט־באַלעבאָס
די זאַך זאָל ניט ווערן צו וואָכעדיק־ביליק,
דער רב בעט זיך ווייזן דעם גט. מחמת וואָס
די גאַנצענע צייט אָן אַ זייט שטייט די אישה?
ר׳ בערל קריגט באַקן ווי ווײַמפּערלעך פרישע,
און הייסט, מעשה מאַן, דעם שטר־גט זיך דערלאַנגען,
נאָר גיכער, די „יאָר־עדות״ האַלטן די שטאַנגען.

טוט גיטל דערשראָקן אַ כאַפּ זיך צום בוזעם,
זי האָט אין דער היים עס געלאָזט, ניט געוווּסט,
אַז נויטיק דער גט איז און ווייזן מען מוז אים,
פאַרשוּלדיקט בלייבט ליגן איר האַנט אויף דער ברוסט.
דערגייט עס צום רב, און ער טרייסט איר, ער טרייסט,
ער איז ביזן האַלדז מיט נקמה געזעטיקט.
אַצינדער פאַרדריסט עס ר׳ בערלען אויף טויט:
אויב זי וואָלט געפאָרן אין שטאָט, ניט פאַרשפּעטיקט
וואָלט זי נאָך צו קומען צוריק צו דער צייט,
ער וויל ניט, דער רב אויפן וואָרט זאָל אים טרויען,
און בעטן נאָך געלט ווי ביי אַנדערע לייט,
און טראַכטן פון איר ווי פון אַנדערע פרויען.

ס׳זיצט גיטעלע ווידער אין באַן ביי דער שויב,
איר בליק אויף דער ווייט דער געפרוירענער בלאַנקעט,

אַ ווינט גיט אַ חייב־אויף אַ שנייאיקן שטויב,
און פריילעך דער שניי־ווינט פליט אים אויף דער לאַנקע,
ווי זי וואָלט געגאַנגען צוריק פון דער חופּה,
און ס׳פלאַטערט דער שלעפּ פון איר חתונה־שלייער.
צעלאָזן די באָן־רעדער זיך אין געטופּע,
אַ צווייגל טוט סאַמע אין פענצטער אַ פּאַטש,
ווי ס׳וואָלט זיך אַ מיידל געווייט מיט אַ ווייער.
אַ וואַלד טאַנצט אַ שער ווי אַ גאַנצע משפּחה,
אינדרויסן פון ראָד שטייט אַ בוים — אַ מחותן,
דרייט מיט זיך און וואַקלט זיך, שיכור פון זויפן...
אַ פלי טוען יאָרן צוריק אין מינוטן,
און האַסטיק מיט וואַלד און מיט פעלד זיי אַנטלויפן.

ווען גיטל דערלעבט קוים צו קומען אין שטיבל,
דערזעט זי, די טיר שטייט אינגאַנצן צעעפנט,
און האָדל, אַזוי ווי אין קרענצלעך פון ציבל,
אין ספרים־שאַנק נישטערט. און הויך שרייט אויס האָדל:
„אָט איז זי, די יונג־אויסגעשטייערטע גרעפין!"
מיט ליפּעלעך בלויע זי שטעכט ווי אַ נאָדל:
„צוריק פון דער חופּה? ס׳קומט מזל־טוב אייך.
אַ בריה אַ יידענע, גלייך זיך געפעדערט,
אַ שמאַלץ־גרוב. דער אלמן ווי קרח איז רייך."
און האָדל גלעט אויס אויף אַ ספר די לעדער:
„אַוועקטראָגן קענט איר פון שטוב אַלע זאַכן,
איך נעם בלויז די ספרים, די זין וויל איך מאַכן
פאַר יידן פאַר ערלעכע. איך בין אַ מאַמע.
דער רב האָט געמעגט די יסורים פאַרשפּאָרן
דעם קראַנקן, און גיט אין די ווייטיקן סאַמע

אַ גט פֿון אים רייסן, פֿאַרקירצן די יאָרן.״
די גרושה נעמט צו אַלע שפּילקעס געדולדיק,
און פּרוּווט זיך פֿאַרענטפֿערן: „וואָס בין איך שולדיק?״
ווישט האָדל דעם שטויב פֿון אַ ספֿר אַרום,
און ציילט אויס די ווערטער באַרעכנטע, קלאָרע:
„אַוודאי וואָס איז אייער שולד?״ — זאָגט זי פֿרום —
„וואָס איז אייער שולד, אַז איר זייט אַן עקרה?״

און דאָ ביי די רייד פֿאַלט אַרויס פֿון אַ בונד
אַ בויגן פּאַפּיר. לאָזט זיך האָדל אַרונטער,
הייבט אויף. און זי ווערט פֿון רציחה רויט־צונטער,
זי האָט ניט אומזיסט ביז דעם דיל זיך געבויגן:
„זאָל גאָט אַזוי געבן מיר גליק און געזונט
ווי דאָס איז דער גט״... נאָר זי גלויבט ניט די אויגן,
ניט גיטעלע שטייט עס — אַ וועלפֿיכע שטייט,
די נעגל צעשפּרייט, ווי זי וואָלט זיך געגרייט
די אויגן איר אויסדראַפּען. גיטעלע שרייט:
„אַז קומען זאָלט איר צו מיין ביטער געמיט.״
און האָדלען די סוחרטע שטעכט אין אַ זייט
פֿון טויט־שרעק, און ס׳פּלאָנטערן זיך אירע טריט.
זי פֿילט, אַז זי חלשט, און ווייך ווערט איר צונג:
„וואָס איז מיט אייך, גיטל? איר זייט דאָך אַ קלוגע.״
„אַרויס!״ — גיט די רביצן חיהש אַ שפּרונג,
בלייבט האָדל געליימט ממש: „זי איז משוגע.״
זי פֿילט אין די זייטן די שמאַלציקע — שטויסן,
און קוים וואָס זי כאַפּט זיך אַרויס און ווערט ניצול,
אַ שאָט טוט נאָך איר זיך פּאַפּירלעך אינדרויסן —
ס׳האָט גיטל דעם גט אויף שטיק־שטיקלעך צעפּיצלט.

# די משוגענע

בייטאָג איז דאָס שטיבל פאַרמאַכט אויפן לאָדן,
פאַרנאַכטלעך ערשט שטייט די משוגענע אויף,
האַלב-נאַקעט זי זיצט אויפן שטויביקן באָדן,
און ס׳שטייגט איר געוויין צו דעם הימל אַרויף.
און מיט דער שטאָק-פינצטערניש ווערט איר קול העכער,
ווי ס׳וואָלט אין איר שטים זיך דער חושך פאַרקליבן,
אַנטלויפט די לבנה אַריבער די דעכער,
ווי גיטעלע וואָלט פונעם הויף זי פאַרטריבן.

„זי וועקט אויף דאָס קינד," — זאָגט די סטאָלערקע מערע —
„כ׳האָב קוים איינגעוויגט עם נאָך מאַטערניש שווערע.
גיי טו עפּעס, מאַנסביל!" — שרייט מערע צום סטאָליער,
נאָר ער ליגט אַ מידער און גלאָצט ווי אַ גולם,
און ס׳הענגט נאָך אַ הילצערנע סטרוזשקע פון מויל אים:
צי זאָל ער די שויבן צעברעכן איר, זאָל ער?

נאָר וואָס אַמאָל מער ווערט פאַרשטאַרקט דער געוואַלד,
די שלוכצעניש רייסט זיך פון איטלעכן שפּאַלט.
האַלט לענגער דער סטאָליער ניט אויס און ער לויפט

צעבראָכן די טיר: „ווערט פאַרשטומט דאָרטן, הערט איר!
איר האָט אייער שטיבל ניט־גוטע פאַרקויפט,
אַריין איז אין אייך אַ פאַרשאָלטענער דיבוק."
דעם סטאָליער דערשרעקן די אייגענע ווערטער,
ער זויגט פון דער האַלץ־סטרוזשקע ווי פון אַ ציבעך.

דאָס שטיבל פאַרזינקט אויף אַ רגע אין שווייגן,
און פּלוצלינג נעמט גיטעלע רופן: „ציפּ, ציפּ."
ווי זי וואָלט נאָך עופות געהאַט אין די שטייגן,
און ס'הערט זיך אַ לאַך און אַ קוויטש און אַ כליפּ.
די שכנות פון פּחד צוזאַמען זיך טוליען
אין הויף ביי דעם שטיבל, ווו שדיכעס הוליען.

אַ פּאָר מאָל בייטאָג איז ר' בערל געקומען,
געקוקט אויף דער טיר און בחינם געוואַרט,
ביז איינמאָל האָט ער זיך מיט מוט אָנגענומען,
און אָנגעקלאַפּט: „גיטל, וואָס זיצט איר פאַרשפּאַרט?"
האָט אָפּגעיאָגט אים פון דער שטוב אַ געלעכטער,
ווי אים וואָלט געטראָפן אין אויג גלאָז אַ שפּליטער,
אַז ער איז אויף שטענדיק אַנטלאָפן פאַרציטערט ,
און גאָט געדאַנקט האָבן פאַר אים זיינע טעכטער.

מיטאיינמאָל געוואָרן איז רואיק ביינאַכט,
אַרויסגיין פּלעגט זי פון איר שטיבל באַגינען, —
ביז האָדל די נייס האָט אין הייפל געבראַכט,
אַז גיטל, ווייזט אויס, איז אַרונטער פון זינען
אינגאַנצן: „זי גייט צו דעם רבין און פּילדערט,
זי וויל ניט קיין גרושה זיין — נאָר אַן אלמנה.

דער רב איז צו איר פון אַ טאַטן נאָך מילדער,
נאָר וואָס קען ער טאָן, און וואָס איז איר כוונה?"

גענומען האָט גיטעלע גיין אויך צו געסט,
אַ שבת-פאַרנאַכט צו מיין מאַמען אַריין,
און גלייך ווי אַ טויב ביי ניט-אייגענער נעסט,
געשטאַנען אין טיר און געשלונגען דעם פיין.
מיין מאַמע האָט איבער איר שרעק זיך געשטאַרקט,
און אונטערגעטראָגן דער שכנה אַ בענקל,
האָט גיטל אַרונטערגעבויגן דעם קאַרק,
און ווי אַ בעל-תשובהניצע זיך געקווענקלט.
לסוף זיך געזעצט, און גענומען זיך וויגן,
ווי זי וואָלט אַ תחינה געזאָגט מיט אַ ניגון:
„געדענקט איר, ווי איך האָב אַנוסטן ל"ג בעומר
געבראַכט אַ געשאַנק אייער יינגל — צוויי אייער,
מיין ליכטיקער מאַן האָט געהייסן אַזוי מיר,
מיין קרוין און מיין צדיק געוואָלט האָט זיך זייער,
ס'זאָל גיין אייער זון אין ישיבת ראַמיילעס.
געהאַט האָבן דעמאָלט צו אונדז נאָך תרעומות
די שכנים, ווי חיימקעס פעטערס און מומעס,
אויך איר זייט געקומען ניט איינמאָל מיט שאלות."

פאַרענטפערט מיין מאַמע זיך ווייך פאַר דער שכנה:
„אַז ס'האָדעוועט זיך אָן אַ טאַטן אַ יינגל
ביי אונדזערע אָרעמע לייט, די געמיינע,
און איז נאָך דערצו אַ בעל-כשרון, אַ צינגל,
איז איטלעכער דאָ מיט אַן עצה דער ערשטער.
דער סטאָליער וויל מאַכן אים נאָר פאַר אַ סטאָליער,

דער בערשטער וויל מאַכן אים נאָר פֿאַר אַ בערשטער,
און עמיצער זאָגט, ער זאָל ווערן אַ מאָלער,
ער מאָלט דאָך דעם קלויסטער... זיי האָבן געהאָווקעט
די יונגען פֿון געסל ביי אייער טיר דווקא.
„אָט גייט ער דער באַנק-קוועטשער, דער אָרים-בחור,
אַ רב וועט ער זיין און די ווייב וועט אים קאָרמען,
ר׳ פּייווע דער גבאי וועט טיילן אים וואָכער,
גאָטס הויקער״... רבונו של עולם, ווי טאָר מען
אַזעלכענע רייד אויף די ליפּן גאָר ברענגען?
מען וועט דאָך פֿאַר דעם אויף די צינגער דאָרט הענגען.״

דער שבת פֿאַרנאַכט דורכן שויב טונקלט בלוילעך,
פֿאַראומערט מיין מאַמען, אַ וואָך אויפֿדאָסניי גייט,
זי קוקט אוים אַ שטערן און זיפֿצט אָפּ פֿאַרדאַגהט.
און גיטעלע אין איר צעריסענעם הולך
אין שאָטנס פֿאַרזינקט. אירע שוואַרצאַפּלען בלאָנזען:
„זיין חלוקה-געלט פֿלעג איך אַפֿילו ניט אָנזען,
ער האָט עס צו זיינע תלמידים צעשיקט.
אויך אייער זון פֿלעגט ער אַריינשטופּן זלאָטעס,
אַז איר זאָלט ניט פֿילן פֿון דעם זיך באַדריקט,
געזאָגט האָט מיין מאַן אַז באַקומען ער האָט עס.״

געפּלעפּט בלייבט מיין מאַמע: „אויף מיינע נאמנות,
איך האָב ניט געוווּסט עס. און זייט ניט ברוגז,
ווי האָט איר דערלאָזן ר׳ אהרנען טאָן עס?״
נאָר גיטעלע ענטפֿערט ניט. פֿינצטער איר אויג איז.
זי רעדט צו זיך גופֿא מיט שפּאָט און פֿאַרדראָס:
„אויב ס׳זיינען תלמידים ווי קינדער פֿאַררעכנט,

פֿאַרוואָס דאַרף איך גט אָדער חליצה, פֿאַרוואָס?
אַז איך בין אָן קינדער, דאַרף האָדל מיך שטעכן?"

בלייבט זיצן מיין מאַמע אינגאַנצן צעטומלט,
און עפּעס צו זאָגן, זי זאָגט סתם אַזוי שוין:
„געווען איז עס, דאַכט זיך מיך אויס, אַט אַנומלט,
איך זיץ ביי די עפּלעך, פֿריר ביי די קוישן,
גייט דורך אייער מאַן און ער זאָגט מיר „גוט מאָרגן",
איז וויל איך זיך שטעלן פֿאַר אים, ווי עס פּאַסט,
רופֿט ער זיך צו מיר אָפּ, איך זאָל זיך ניט זאָרגן,
אויב ס'לערנט מיין יינגל און איך שלעפּ די לאַסט,
באַדאַרף מען זיך שטעלן פֿאַר מיר. זאָל איך טאַקע
דערציילן אַזוי מיינע צרות אין פֿריידן."
און ס'בלאָנדזשעט אין טונקל איר קול דממה דקה,
ווי ס'וואָלט דער פֿאַרנאַכט ניט געלאָזט זי הויך ריידן.

דערזעט דאָ מיין מאַמע אַ גוטע מינוט,
און כאַפּט זיך אַרויס: „ס'איז אויף אייך מיר אַ וווּנדער,
די שונאי ישראל מעג זיין אַזוי גוט
ווי אייך איז, אַז שטענדיק איר זיצט אָפּגעזונדערט.
מען קען מיט די טויטע ניט גיין אין דעם גרוב.
געווען וואָלט ר' בערל אַ זאַך ניט קיין קרומע,
אַ ייד מיט אַ קראָם און אָן אייגענע שטוב,
אַליין האָט אַ מענטש אויף דער וועלט ניט קיין תקומה."

מיין מאַמע דערזעט אַז זי האָט אָנגעפּלוידערט,
עס טרייסלט זיך גיטעלע, קאַרטשעט זיך, שווידערט,
און נעמט אויף זיך פֿליקן איר אָרעמען הילוך:

„ר׳ אהרן מאליאטערס אַלמנה זיין וויל איך!״
און זי טוט אַ לאָז זיך פון שטוב אויפן הייפל,
ווי זי וואָלט זיך טרינקען געוואָרפן פאַרצווייפלט.

זינט דאַן איז זי מער ניט געגאַנגען צו קיינעם,
זי האָט אויך דעם הויף ביידערנאַכט געלאָזט שלאָפן.
די סוחרטע האָדל דערציילט האָט די שכנים:
מען האָט אויפן פעלד די געגטע געטראָפן,
זי זיצט גאַנצע טעג מיט די קריפּלען, מיט שנאָרער,
מען מיינט ס׳איז אַ בעטלערקע — שטופּט מען איר געלט.
איין זאַך איז, זאָגט האָדל, לחלוטין ניט קלאָר איר,
ווייל װעדליק ס׳דערציילט איר דער חזן פון פעלד,
די גרושה קומט קיינמאָל צום קבר ניט נאָנט,
און ציטערט ווען עמעץ דעם נפטר דערמאָנט.

ס׳פלעגט גיטעלע קומען אַ שטומע באַגין דאָרט,
און זיצן ביז אָוונט אין ווינטן און שנייען,
געזען די לוויות, געהערט די געשרייען,
ווי ס׳וואָלט דער געיאָמער איר ווייטיק געלינדערט.

געהאַט האָט אין קלויז פון ר׳ שאולקען אַ ישוב
ר׳ פּייווע דער ווירט מיטן רב פון די גיטין,
דער ווירט האָט געטאָן זיינע צדקות אַ מיש אויף,
דערציילט וויפיל ער האָט פאַר גוטס טאָן געליטן.
ער האָט פון זיין נחלה קיין גראָשן ניט היי־יאָר,
באַצאָלן מוז ער פאַרן הויף גרויסע שטייער,
אים אַרט ניט די הייזער, אים אַרט ניט די סקלאַדן,
אים טוט פאַרן כבוד התורה בלויז באַנג.

ער ווייסט: „אשת חבר הרי היא כחבר.״
איז ערשטנס איז זי אַ געגנטע פֿון לאַנג,
און צווייטנס האָט זי אַ משפּחה אין ראַדון,
ס׳איז דאָרט פֿרישע לופֿט און אַ וואַלד אַ סאָסנאָווער,
און דאָ איז צו חרפּה און חוזק די גרושה.

דער רב האָט געשוויגן, געטראַכט, און ווי תּמיד
אויף זיינע שפּיץ־פֿינגער זיך אונטערגעהויבן,
דעם רב איז די טבע געבליבן פֿון עמוד,
פֿון דאַוונען מוספֿים, פֿון שפּרינגען צו קדושה —
פֿון אויף די שפּיץ־פֿינגער דעם אייבערשטן לויבן.

און ניט קיין לוויה — די הקדש־קאַרעטע
איז אויף דעם זאַרעטשער בית־עולם פֿאַרפֿאָרן.
די גרושה וואָס האָט צווישן בעטלער געפֿראָרן,
און אַלץ נאָך געדענקט אַז זי איז אַ געגנטע —
האָט בינדן געלאָזט זיך די הענט. אַזאַ שרעק
באַפֿאַלן איז איר פֿון די ווייסע כאַלאַטן.
זיי האָבן געגעבן אַ טראָג זי אַוועק
אין צימער אויף רעדער. דערזען האָט זי קראַטן.
האָט די מטורפֿת געטאָן אַזאַ רעווע
פֿון ניט קיין בר־נש און אויך ניט פֿון קיין חיה,
און בלויז ווען עס וואָלט זיך געענדערט די טבע,
געקענט וואָלט אַ שטיין פֿון דעם תּהום אַזוי שרייען.
דעם פֿעלד־חזן האָבן געשטעלט זיך קאַפּויער
די האָר, און צעוויינט האָט ער זיך ווי אַן עופֿל:
„געזען אויפֿן פֿעלד האָב איך אומגליק אַזויפֿיל,
נאָר ניט אַזאַ עלנט, נאָר ניט אַזאַ טרויער.״

# די פוסטע באנק

דער הויף האט געוויגט זיך: „דאס איז א רציחה,
די רביצן זאל מען פארשפארן אין הקדש."
ס'איז האדלען אפילו געווען עס ניט ניחא,
דער סטאליער געווארפן האט זיך ווי אן עקדעש:
„ארויסלאזן וועל איך דעם הונט די געדערים,
איך וויים, ס'איז דער הויז־ווירט. א כלב אזא מין,
איך הער אים אין טראק דעם רוצח, איך הער אים."
דער בערשטער געריסן האט זיך אויף מיין מאמען:
„ר' אהרן האט אייער בן־יחיד געכאוועט,
וואס האלט איר דעם תכשיט פארשטעקט אין די פאלדן?
גייט ביידע צו ווילנער רבנים, מאכט גוואלדן,
צי איז עס פאר זיי, גאטס גנבים, א כבוד?"
שרייט העכער דער סטאליער: „מען דארף פון אים שינדן
די הויט. אים א צי טאן די ברעם ביז דער פיאטע...
און ער שטראפט עס אונדז אין דער צייט ליכט צו צינדן!
ארויסטראגן וועט מען דעם ווירט אין א ליילעך,
אויב ער וועט צענעמען דער רביצנס כאטע."
מישט האדל אריין זיך: „אויך איך וועל גיין גריילעך
צום רבין ר' יעקב. נאר זע דעם געליארעם,

איר גיט מיר פּאַר אייער געשריי אַ שמעק טאַבעק,
איר האָט אָנגעטאָן ווייניק חרפּות און צער אים?״
זאָגט זי מיט אַ ניגון פון דעם מעבר־יבק.

אויך האָדל האָט דאָס מאָל די זאַך ניט פאַרשטאַנען.
ס׳איז גיטעלעס שוועסטער און שוואָגער פון ראַדון
געקומען קיין ווילנע מיט פורן און באַנען;
געהאַט האָט די שוועסטער דערוואַקסענע מאַדן,
איז האָט מען דעם אומגליק געשטיקט אין געהיים,
ביז ס׳האָבן די פייגל פון דעם זיך צעזונגען,
האָט זי די משפּחה גענומען אַהיים, —
און דאָס האָט דער הויז־ווירט נאָך פריער געדרונגען.

ר׳ פייווע האָט שטייף זיך אַרונטערגעלאָזן
אין הייפל, מיט קיינעם קיין וואָרט ניט גערעדט,
ער האָט מיט די נאָזלעכער קאַלט נאָר געבלאָזן
אין באָרד, און די ליפּן פאַרקרימט מיט געשפּעט.
דער בערשטער אַ חזירשע פעל האָט געבאַרשט,
געשאָלטן די חזירשע האַרטע נבלה...
דער סטאָליער האָט, גלייך ווי עס וואָלט אים געדאַרשט,
געזויגן אַ סטרוזשקע. און אין דער פּאַטשיילע
מיין מאַמע ביים קויש האָט געבויגן זיך טיפער.
פאַרלייגט, מעשה זיגער, די הענט אויף אַהינטער,
דער הויף־באַלעבאָס האָט פאַרטיפט זיך אין ציפער.
ס׳איז ביני לביני פאַרגאַנגען דער ווינטער,
אים לוינט ניט פּאַר פּסח דאָס הייזל צענעמען.
און ער איז אַוועק מיט פאַרהויבענע ברעמען.

דער הויף ניט געהאַט קיין צייט לאַנג צו קרעכצן,
מען קען קוים דערשלעפּן די אייגענע צרות,
מען האָרעוועט שווער און פאַרמאַטערטע לעכצן
די ביינער צו אויסציען זיך אויף די נאַרעס.
נאָר איך גיי אַרום ווי אַן אבל אין זאָקן,
און לעב מיטן שיין פון פאַרגאַנגענע טעג,
ביינאַכט ווען איך שלייך זיך פון קלויז ווי אַ זקן,
פאַרצאַמט מיר דער רביצנס חורבה דעם וועג.
אַ פינצטערע און אַ פאַרקלאַפּטע זי הויערט,
און ס'קוקט די לבנה אַראָפּ צו דעם הייזל,
ווי ס'וואָלטן ניגונים פול זיסקייט און טרויער
פון קוימען צום נאַכט-הימל בלוי זיך געקרייזלט.

ביי טאָג בלייב איך שטיין אויפן הויף, און איך חלום
די צייט אויס, ווען איך האָב געגאַפט אויפן קלויסטער,
דעם שטיינערנעם בושל... אויף יאַטקע-גאַס הויזט ער,
איך שטיי מיט אַ קעסטעלע פאַרבן און מאָל אים.
איך זע אויפן צלם דעם זון-פאַרגאַנג שטענדיק,
און וויל אים פאַרכישופן אויף מיין קאַרטאָן,
זיין גילדערנער פלאַם זאָל אַראָפּלויכטן בלענדיק
ביינאַכט ווען די נאַפט-לעמפלעך צינדן זיך אָן.
איך מאָל אויך דאָס הייפל, מיין מאַמען, איר קאָשיק,
אין הויף שטייט אַ וואָגן, אַ פערד מיט אַ כאָמוט,
און ס'עסט פונעם היי אינעם וואָגן אַ לאָשיק.

דערזע איך, ס'לייגט אויס אויפן ברוק זיך אַ שאָטן:
„דו מאָל בעסער, קינד מיינס, די קלויז און דעם עמוד,
צו קוקן אויף צלמים איז יידן פאַרבאָטן.״

איך הויב אויף די אויגן... ר׳ אהרן מאליאטער,
און הויך איז ער הויך, ווי אריבערגעוואקסן
וואלט ער אלע הויף-דעכלעך מיט זיינע אקסל.
ער גיט מיר א גלעט — און מיין הארץ גיט א פלאטער,
און ער גייט אוועק. אויף מיין קאפ בלייבט די קילקייט
פון גלעט זיינעם, און ארום מיר בלייבט זיין שטילקייט.

די זון איז אהינטער דעם קלויסטער פארגאנגען,
פארלאשן ווערט אויך אויף מיין בילדל די שקיעה.
דער פרוש וואס וווינט אויף מיין הויף האט געפאנגען
מיין הארץ, און זיין שאטן פארבלייבט אויף מיין וויע.
ס׳גייט עמעץ פארביי, ס׳וועקט מיך אויף א גערויש,
דערזע איך די חורבה. מיין הארץ טוט א יאמער.
מיין מאמע זיצט אלץ נאך אין טויער ביים קויש,
ר׳ אהרן מאליאטער איז אבער ניטא מער.

איך גיי אין בית-מדרש אריין. אויף זיין ארט
זיצט קיינער ניט. ליידיק זיין באנק איז געבליבן.
כאטש ס׳לויכט ניט אין ווינקל פון מזרח זיין בארד,
איז אין דעם בית-מדרש זיין שטילקייט געבליבן.
איך זעץ זיך, און פרוו זיך אין לערנען פארטיפן,
א שטויביקער סנאפ דורך דעם פענצטער פאלט שטראליק,
אין געסל איז פרילינג, די זון-האזן שטיפן,
און איבער די ווענט יאגן שאטנס זיך כוואליק...

ר׳ אהרן מאליאטער גלייכט אויס זיך ביים שטענדער,
ווי ער וואלט געעפנט די טיר די געהיימע
פון קעלער, וואס אונטער דעם בימה-געלענדער,

ווו ס'קלייבט זיך געפּסלטער פּאַרמעט און שיימה...
און איטלעכע האָר פון זיין שוואַרצער באָרד לויכט,
איך הער זיין פאַרטייעטע זיסע נגינה,
ער זינגט, ווי ער וואָלט אויפן ספר געהויכט,
ווי ס'זינגט אין לבנהקע נעכט זיין רואינע.
זיין סורדוט איז ריין, ווי עס זאָגן חז"ל:
„קיין פלעק זאָל ניט זיין אויף דיין קלייד, תלמיד־חכם."
אַ שבתדיק און אַ ניט־דאַאיק געשטראַל
פון ליכטער געהיימע באַגלייט דורך דער וואָך אים.
ער בלעטערט די ספרים וואָס ליגן אַרום אים,
ווי ער וואָלט דעם פּילפּול אַרונטערגעשטויבט,
זיין האַרץ ווייס אַלץ קלאָר ווי דער אורים ותומים,
ווי ער וואָלט געווען ביי די כרובים באַגלויבט.

איך זע אין זיין בליק, ער האָט סודות באַנומען,
ער גייט צו מיר צו, און די אויגן אים שיינען,
ווי ער וואָלט פון קדשי־קדשים געקומען,
דער ארון דאָרט שטייט און די לוחות דאָרט זיינען...
„צוויי רמב"מס" — פאַרטרויט ער מיר — „זייגען זיך סותר,
דאָרט איז, לפי דעתי, אַ טעות אַריין."
ער זאָגט עס, ווי איך וואָלט געווען אַ גרויסער,
ווי איך וואָלט אין לערנען אַ חבר אים זיין.
פון כהנים רעדט ער און פון דעם מזבח,
און פון דעם מגיה, וואָס האָט ניט באַמערקט.
כאָטש גאָרניט פאַרשטיי איך, דאָך איין זאַך פאַרשטיי איך,
מען האָט אָנגעפּילפּולט אומזיסט גאַנצע בערג.
„האָסט שפּעט אָנגעפאַנגען," — זאָגט ער מיט אַ שמייכל —
„נאָר ס'איז ניט צו שפּעט נאָך. דו ביסט אַ בעל־שכל."

און ער גייט צוריק אין זיין שטראָליקער קרוינונג,
און ווערט ביי זיין שטענדער אין ליכט־שיין פאַרוועבט,
ווי ער וואָלט פאַרלאָזט בלויז דעם הויף און זיין וווינונג,
און ביים ארון־קודש אין ווינקל ער לעבט.

די טיר טוט אַ סקריפּ, ס'טוט אַ שויב בלוי אַ פינקל,
ס'גייט עמעץ אַריין אין בית־מדרש דעם פּוסטן: —
די רביצן גיטעלע גייט צו דעם ווינקל
פון מזרח, ווי זי פלעגט עס טאָן נאָך אַנוסטן,
בעת ס'איז איר מאַן ביי דעם ספר געזעסן.
זי ציט אויס איר האַנט און איר שטים ציטערט פריידיק:
„גיב, אהרן, דעם שטוב־שליסל מיר, און קום עסן.״
דעם קאָפּ האַלט זי טיף צו דער ערד אַנגעבויגן,
און מורא האָט זי אויפצוהויבן די אויגן,
זי זאָל ניט דערזען אַז דער ווינקל איז ליידיק.

זי שטייט לאַנג און וואַרט, ווי איר וואָלט זיך געדוכט,
ער האָט איינגעדרימלט ביים לערנען אַ מידער,
פּאַמעלעך זי הויבט אויף די אויגן און זוכט
אין ווינקל... און טוט זיך אַ שליידער אַנידער,
און מיט אירע נעגל די באַנק נעמט זי שאָבן,
און בייסט זיך אַריין אין דאָס האָלץ מיט די ציין,
אַלץ טיפער אין דעמב אירע ציין זיך פאַרגראָבן,
ווי זי וואָלט געזוכט אין דער טיף זיין געביין — — —

און ווען ס'איז די גאַס זיך צוזאַמענגעלאָפן,
געלעגן איז זי ווי אין פראָסט איינגעשלאָפן,

מען האָט זי געמינטערט, נאָר זי האָט געשטאַרט,
ווי זי אויף זיין ליידיקן פּלאַץ וואָלט געפונען
די אייביקע רו וואָס זי האָט קוים דערוואַרט,
און בלוט פון איר מויל אויף דער באַנק איז גערונען.

פּאַריז־ניו־יאָרק, 1948־49.




## ביז איצט זענען דערשינען

1) מאַרק טורקאָוו: מלכּה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן-י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל: בארג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין: אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ה. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די ייִדן-שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת: היימלאָזע ייִדן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער: אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) קינדער-מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)
17) חיים גראַדע: פּליטים (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכענונגען פון אַ פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געבערענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס: אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג
26) לעאָ פינקלשטיין: מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו: אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן: „אומגעזאָלטע" ייִדן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט: הענעך
30) ד״ר י. קערמיש: דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פאָליאַקיעוויטש: א טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער: אין די פאבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי: אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער: מיין היים
35) יוסף וואָלף: לייענענדיק פּרצן...
36) צפורה קאצענעלסאָן ־ נאכומאָוו: יצחק קאצענעלסאָן
37) י. הירשהויט: פינצטערע נעכט אין פּאוויאק
38) נחום סאָקאָלאָוו: פּערזענלעכקייטן
39) רחל ה. קאָרן: היים און היימלאָזיקייט.
40) א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער: פּשיסכע און קאצק
42) מ. בורשטין: איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס: הונדערט פאָלקס־לידער
44) ז. סעגאלאָוויטש: מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) ד״ר חיים שאָשקעס: א וועלט וואָס איז פאַרביי...
46) שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק: יאָרן אין וואנדער
48) ש. איזבאַן: פאמיליע קארפּ (ראָמאַן) באנד איינס
49) ש. איזבאַן: פאמיליע קארפּ (ראָמאַן) באנד צוויי
50) ד״ר א. מוקדוני: מיינע באגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאַהאַן: אין פייער און פלאמען (טאָג־בוך)
52) י. י. טרונק: די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו: אין קאמף פארן לעבן (זכרונות)
54) יצחק פּעולאָוו: די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ (ראָמאַן)
55) פנחס ביזבערג: שבת יומטובדיקע יידן
56) שלום אש: פּעטערבורג
57) שלום אש: ווארשע
58) שלום אש: מאָסקווע
59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן: אָשוויענטשים
60) בער י. ראָזען: טלאָמאצקע 13.
61) דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאַן) ערשטער באנד
62) דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאַן) צווייטער באנד
63) יאַנוש קאָרטשאַק: משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64) מרדכי שטריגלער: ווערק „צע״, ערשטער באנד
65) מרדכי שטריגלער: ווערק „צע״, באנד צוויי
66) חיים גראַדע: שיין פון פארלאָשענע שטערן

פּרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

●

**ש. ניגער** שרייבט וועגן חיים גראַדעס בוך לידער און פּאָעמען „פּליטים" (דער טאָג", ניו־יאָרק, 10טער אַפּריל 1949):

חיים גראַדעס בוך „פּליטים" באַשטייט דערהויפּט פון די לידער און פּאָעמעס, וואָס גראַדע האָט געשריבן אין ראַטנפאַרבאַנד אין די יאָרן 1941־1945. ער איז געלאָפן אַהין פון ווילנע — געראַטעוועט זיך פון דעם נאַצישן מלאך המות. גאַנצע פינף יאָר האָט ער געלעבט דאָרט — און איז נישט געוואָרן קיין תושב, — געבליבן אַ גר, אַ פּליט. די לידער זענען אַלע אָן אויסנאַם לידער פון אַן אַנטרונענעם, אַן עלנטן, אַ היימלאָזן. כאָטש ער האָט זיי אַלע געשריבן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, איז נישטאָ צווישן זיי קיין איין זאַך, וואָס זאָל זיין סאָוועטיש, — און עס איז, גלויב איך, כדאי דאָס צו פאַרצייכענען. געוועגלעך איז נישט שייך צו רעדן וועגן זאַכן, וואָס זענען אין אַ בוך נישטאָ: פאַר ווערק וואָס מען האָט נישט געשריבן, קאָן מען נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך. אָבער גראַדעס לידער־זאַמלונג „פּליטים" איז איינער פון די זעלטענע פאַלן, ווען דאָס, וואָס מ'געפינט ניט אינעם בוך, איז פאַר דעם פאַרפאַסער נישט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש, ווי דאָס וואָס ער גיט אונדז יאָ. אָפּזיין אין ראַטנפאַרבאַנד גאַנצע פינף יאָר, געפינען דאָרט פיזיש אַ היים פאַר זיך — און דאָך נישט דערפילן זיך היימיש גענוג, אַז מען זאָל וועלן און קאָנען זיך אָפּרופן אויף דער נייער סביבה אין די לידער וואָס מען שרייבט, בפרט נאָך ווען די אַרומיקע וועלט איז אַזאַ מאָנענדיקע, אַזאַ אַגרעסיווע, — ווען אַזאַ זאַך פּאַסירט, פּאַסירט עס נישט צופעליק, ממילא געהערט עס צום פּאָעטס כאַראַקטעריסטיק.

דערביי איז אָבער נייטיק צו וויסן, אַז בלויז די סאָציאַל־פּאָליטישע אָרדענונג פון ראַטנפאַרבאַנד האָט אין גראַדעס פּאָליטישן שאַפן, ווען ער איז דאָרט געווען, נישט געפונען קיין עכאָ. זיינע דאָרטיקע נאַטור־איינדרוקן זענען יאָ ביי אים געוואָרן שטאָף פאַר פּאָעזיע. קאַזאַכסטאַנער סטעפּ, אַשכאַבאַד, טאַדזשיקיסטאַנער האַרבסט — וועגן דעם האָט ער נישט אויסגעמיטן צו שרייבן.

אָבער אויך וועגן דעם האָט ער ס'רוב געשריבן ווי אַ פרעמדער, ווי אַ פּליט, — און מען מוז צוגעבן, ווי אַ ייד, ד. ה. ווי איינער, וואָס שאַפט איבער די נאַטור לויט זיין אייגענער, מענטשלעכער געשטאַלט, פורעמט זי איבער אין זיין אייגענעם, מענטשלעכן פורעם, — ווי מיר האָבן עס שוין, אגב, געזען אין חיים גראַדעס פריערדיקע לידער: דער בוים סאַקסאַאול „שטייט פאַרטריקנט מיט

הענט און מיט פּיס אויסגעדרייטע, ווי אַ גייסט וואָלט אַרומגעטאַנצט דול אויף טויטע אין זאַמדן פאַרוויי־טע" (ז. 14), „די זון האָט באַקרוינט דזשאַם־בע, אירע באַרגיקע, שנייאיקע לאָקן..." (ז. 15).

אפילו די בילדלעך־פאַרמענטשלעכטע נאַטור קאָנפראָנטירט גראַדע מיט דעם מענטשן, ד. ה. מיט זיך אַליין:

אויפן האָריזאָנט אַ שנייבאַרג טונקלט גרוי,
איז מיין האַרץ פרירט און טונקלט אַזוי.
— — — — — — — — — — — —
פייגל שטאַרן אויף די טעלעגראַפנדראָטן,
אין די עשאַלאָנען שטאַרן מידע שאָטנס...
(ז. 19)

ווי אַן עכט יידישער פּאָעט, ווי איינער וואָס טראָגט אין זיך די דור־דורותדיקע טראַדיציע פונעם יידישן וואָרט, די טראַדיציע וואָס ציט זיך פון תהילים ביז מענדעלע מוכר ספרים און ווייטער, — זאַפּט גראַדע איין יעדן פּייזאַזש אין זיך, אָנשטאָט צו ווערן אין אים אויפגעלייזט.

אַפילו אין אַזאַ ליד ווי „דער שטראָם פון די בערג", איינס פון זייע עקסטאַטישסטע נאַטור־הימנען, — הויכט ער אַריין דעם אָטעם פון לעבעדיקע באַשעפענישן און וועקט און אַנטפּלעקט אין דעם באַרגיקן שטראָם דעם אימפּעט פון ריין מענטשלעכער באַוועגלעכקייט:

קומט אַרויף אויף די זוניקע בערג,
וו עס קאָכט פון קאָלירן און קלאַנגען,
מיט כמאַרעס פאַרפלאַנצערט די קערק,
קלעטערן פעלדזן אַלץ העכער
און קוואַלן ווי הירשן געפאַנגען
ברעכן אַרויס זיך פון לעבער.
א. אז. וו., א. אז. וו. (ז. 87)

אַפילו אין אָט דעם ליד, ווו דער דיכטער האָט זיך מיט אַן אמת פאַרמאָסטן צו לאָזן אונדז זען די קאָלירן און הערן די קלאַנגען פון די זוניקע בערג, פון „דעם שטראָם פון די בערג", האָט ער אונדז געגעבן קאָלירן און קלאַנגען פון דעם מענטשנס לעבנס־שטראָם, — היינט וואָס איז דער חידוש, וואָס אין לידער, וועלכע פרעטענדירן נישט צו זיין נאַטור־לידער, טרעפן מיר אַזוינע אַנטראָפּאָמאָרפיזמען, ווי:

דער דינער מזרח־בוים צעפלעכט די לאַנגע צעפּ,
געלע בלעטער פאַלן פון זיין קאָפּ, ווי גילדענע קאַמען... (ז. 87)

אַז נישט דער מענטש איז ביי אים געגליכן צום בוים אין פעלד, נאָר, פאַרקערט גאָר, דער בוים איז צום מענטשן געגליכן. און נישט נאָר דער „מזרח־בוים", — אַלץ וואָס גראַדע זעט אַרום זיך, דערמאָנט אים אָן אים אַליין און אָן זיינע מיטמענטשן, זיינע חברים, די פּליטים. ער קאָן אויף אַ מינוט נישט פאַרגעסן נישט זיך אַליין, נישט די וואָס זענען מיט אים אינאיינעם אַנטרונען געוואָרן פון היטלערס שווערד, כאָטש ער זוכט זיי נישט צו אידעאַליזירן. דערהויפּט זענען אים איינגעבאַקן אין האַרצן די, וואָס האָבן זיך נישט געראַטעוועט און זענען געבליבן ביים שונא געפאַנגען.

אָבער נישט נאָר נאָך זיי בענקט ער און הערט נישט אויף צו בענקען אין די ווייטע, פאַרוואָרפענע אַזיאַטישע סטעפּעס. ער קאָן נישט פאַרגעסן אויך די אַמאָליקע זיידעס און

עלטער־זיידעס, אַלע פריערדיקע דורות — אויף די ווייטע ברעגן פון ווילייע, ניעמאַן און נאַרעוו.

אין זיין פּאָעזיע האָט פון אָנהויב אָן געאָטעמט אַלט־ווילנע, נישט נאָר יונג־ווילנע; ער האָט אויך פריער געטראָגן אין זיך דעם געוויין — און די צוואה — פון דורות. נישט געקוקט אויף די אַלע רעוואָלטירנדיקע און עפּיגאָניש־משכילישע טענער, וואָס האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפישער פּאָעמע „מוסר־ניקעס" (1938), — איז ער אַלעמאָל געווען אַ טיף־פאַרוואָרצלטער יידישער דיכטער, אָבער קיינמאָל איז דער נעאָ־טראַדיציאָנאַליזם נישט געווען אין אים, דוכט זיך מיר, אַזוי שטאַרק און אַזוי עקשנותדיק, ווי אין די יאָרן, ווען ער האָט געלעבט אינעם אַנטי־טראַדיציאָנעלן ראַטנפאַרבאַנד. אין יענער צייט האָט מען, אמת טאַקע, אויך אין דער סאָוועטישער ליטעראַטור אַראָפּגענומען דעם חרם פון רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער ירושה. אָבער גראַדעס פאַרטיפטע ירושהדיקייט האָט זיך געוויס גענומען נישט פון זיין דעמאָלסדיקן לעבן אינעם קריגס־פּאַטריאָטישן סאָוועטנלאַנד, נאָר פון זיין געצוווּנגענעם פאַרלאָזן זיין אייגענע היים, ווילנע. שיר נישט דאָס גאַנצע בוך „פּליטים" איז אַ בוך פון ביטערער בענקעניש, אַ בוך פון אַן אויסגעוואָרצלטן, וואָס קאָן נישט פאַרגעסן די טיפע וואָרצלען, פון וועלכע ער איז אַזוי אומברחמנותדיק אָפּגעריסן געוואָרן.

אפילו אין די לידער, ווו ער פרעגט נישט, — דוכט זיך אונדז, אַז ער פרעגט:

ווו זייט איר, זיידעס, מיט די פלאַקסענע געדיכטע בערד?
ווו זייט איר, מאַמעס, פרום פאַרהילט אין שאַלן? —
מיין יחוס־שטאַם אויף בלוטיק דורכגעווייקטער ערד,
די וואַלגערסט זיך, דעם קאָפּ אין שטויב צעטראָטן, —
נאָר איבער מיילן טויזנטער עס פלעכט מיין שאָטן
אין דיר זיך איין — איך זאָל נישט פאַלן...
(ז. 42)

זיין יחוס־שטאַם, דער אַלט־ווילנער יחוס, איז אין גלות אַשכאַבאַד זיין איינציקער אָנהאַלט. ער בעט זיך ביי די אַלט־ווילנער זיידעס:

פאַרשווינדט נישט, זיידעס מיט די בערד די פלאַקסענע,
איר, מאַמעס, אין די צניעותדיקע קליידער,
פאַרטוליעט אַרום מיר די פנימער די וואַקסענע
און סודותדיק פאַרוויגט מיך ווי אין קינדער־חדר.
(ז. 44)

און דאָס איז נישט סתם אַזוי ראָמאַנטיק פון אַ פאַרבענקטן נע־ונדניק, אַ פּליט. מיט סתם אַזוי ראָמאַנטישע בענקענישן איז די יידישע פּאָעזיע איצט איבערפול. חיים גראַדעס ליבשאַפט צו די זיידעס און די עלטער־זיידעס גראָבט טיפער ווי די סענטימענטאַלע ראָמאַנטיק. זי דערגראָבט זיך אפילו ביז צו די קונסט־השגות פון אונדזערע אור־עלטערן. יאָ, זיי האָבן געהאַט זייערע אייגענע קונסט־השגות, כאָטש זיי האָבן קיין השגה ניט געהאַט פון דעם וואָרט: „קונסט". און מיט זייער מויל, יאָ, מיט זייער מויל, רעדט גראַדע ווען ער זאָגט:

דער חלום פון רום און די בענקשאַפט נאָך גליק
זאָל דיך נישט פאַרוועבן און פאַנגען, —
דער אמת זאָל שטיין ווי די זון אין דיין בליק,
און הייליק אים דיינע געזאַנגען.

און דער וואָס פון וואָרט האָט געקלעפט
בלויז אַ בילד.
געווען איז אַזוי מיר דערווידער,
ווי ער וואָלט געבליבן נאָך האָריק און ווילד.
זיין וואָרט טראָגט ער אום ווי אַן אַפּגאָט
פון ליים
און איך האָב געטראָגן אין זיך עס.
גערייפט האָט דאָס וואָרט אין מיין שטומ־
קייט געהיים
ביז דאָס איז געוואָרן מיין שליחות.
(ז. 78)

דאָס פּאָעטישע וואָרט איז ביי אים, ווי עס איז געווען אַלעמאָל ביי יידן, „נישט בלויז אַ בילד" און אודאי נישט — „ווי אַן אָפּגאָט פון ליים"...

אין אַ ליד „דער נביא", אין אַ ליד, וואָס דערמאָנט מיט זיין ריטם געוויסע פערזן פון מאָרים ראָזענפעלד, זאָגט גראַדע:

דער וואָס ליבט פאַרב און קלאַנג,
יענעם באַרויש איך נישט.
נאָר וועמען טיף טוט באַנג,
יענעם אַנטוויש איך נישט.
הערצער פאַרווייטיקטע,
זיי אין דער חושכניש, —
ליכט מיין געזאַנג! (ז. 89)

זיין וועג איז, הייסט עס, נישט דעם ריין עסטעטישן קינסטלערס, נאָר דעם עטישן דיכטערס וועג, נוצנדיק פּרצעס באַוווּסטע טערמינאָלאָגיע, — און דאָס איז, ווי פּרץ האָט געגלויבט, — דער אַלטער און אייביקער יידישער וועג.

חיים גראַדעס יידישקייט באַשטייט אָבער נישט נאָר אין דעם, וואָס כאָטש ער איז געוווּנג בילדלעך, געוווּנג קאָלירפול און דערהויפּט קלאַנגפול, שטעלט ער נישט די טראָפּ אויף „בילד", „פאַרב און קלאַנג", נאָר אויף לאָזן אויפלייכטן אין זיין געזאַנג „טרייסט־רייד" פאַר „הערצער פאַרווייטיקטע". זיין יידישער סטיל דריקט זיך נישט אויס נאָר אין דער פריער דערמאָנטער פאַרמענטשלעכונג פון דער נאַטור. אויך אין אַנדערע וויכטיקע פּרטים איז גראַדע טריי דעם טראַדיציאָנעל־יידישן וואָרט, דערהויפּט איז ער אים טריי אין דעם פּרט, וואָס איך וואָלט אָנגערופן מיטן נאָמען: פּסוקימדיקייט. אין וואָס באַשטייט זי? זאָל זיך דער לעזער דערמאָנען אָן אַ קאַפּיטל תהילים אָדער משלי, וועט אים קלאָר ווערן וואָס איך מיין. פון איין זייט איז כמעט יעדער פערז אין די טיילן פון תנ"ך, וואָס זענען נישט דערציילעריש, אַפאָריסטיש־קורץ, קאָנדענסירט און אָפּגעהאַקט: פון דער אַנדער זייט, איז זייער אָפט דאָ אַ ריטמישע איבערחזרונג פונעם פּסוקס מאָטיוון אָדער אידייע. עפּעס וואָס איז ענלעך דערצו האָבן מיר אויך אין יענע לידער גראַדעס, וואָס זענען נישט דערציילעריש. שיעור נישט יעדער פערז אין זיי איז קורץ־אָטעמדיק און גאַנץ, ווי אַ פּסוק און גלייכצייטיק זענען די פערזן פול מיט וואַריאַציעס פון איין און דעם זעלביקן ניגון, אַזוי ווי די סטראָפעס פון זיינע נאַראַטיווע געזאַנגען זענען פאַרקערט, פּליסיק

און שטראָמיק. פּאַסיקע ביישפּילן צו גראַדעס פּסוקימדיקער אָפּגעהאַקט־קייט קאָן מען געפינען אין אַזוינע לידער, ווי: „צו ח. נ. ביאַליק", „מיין יידישער לשון" און אין אַזוינע לידער־סעריעס ווי „אָדע צו דער זון" אָדער „דער דיכטער". די ווירקונג פון נוסח תנ"ך איז אין זיי קלאָר און בולט.

ער זאָגט צו ביאַליקן:

האָסטו געגראָבן זיך אין אַש פון „שחיטה־שטאָט"
און ווי אין האַלאָוועשקעס — איז די גופן
אַ פלאַם אַ מורדישן צעבלאָזן קעגן גאָט,
און גאָר די וועלט האָסטו צום דין גערופן.
דו האָסט געשטורעמט און געוויינט... און דיין געוויין
אַז אָפּקלאַנג אין די הערצער האָט געפונען,
געלעבט האָט אונדזער שטאַם און נישט אויף וויכטן שטיין
דיין דורכגעגליטע טרער איז אויסגערונען.

ווי אַלע מאָל, שטראָמען ביי איב די פערזן איינער נאָך דעם אַנדערן, ווי באַרג־וואַסערלעך אָן אַן אָפּהאַלט; דאָך איז יעדע שורה אַ פסוק פאַר זיך. און דער איינציקער אינטער־שייד צווישן זיינע פערזן און פאַר־צייטיקע פסוקים איז, וואָס ביי אים זענען די פסוקים קלאָר (אַמאָל צו קלאָר, צופיל אויסגעטייטשט)... פאַר דער אינטענסיווּיטעט, וואָס פעלט אין זיי, קאָמפּענסירן זיי אונדז מיט זייער נאַטירלעכקייט, מיט זייער אי־נעווייניקסטער פשטות:

מיין טאַטע זינגט שטיל און זיין קול איז פון סאַמעט,
איך הער מיינע ברידער פון רייסן און זאַמוט.
לאַטגאַליע — מיין מאַמע מיט נאַכטאויגן גרינע
וויגט איבער מיין קאָפּ זיך ווי איבער תחינה.
ס'גייט אויף האַלבע נאַכט, ווי אַ זון אַ צעגליטע
אויף צייטיקע פעלדער — מיין לשון פון ליטע.

(ז. 51—52)

דער ריטם, דער טראָפּ פון זיינע פסוקים איז כמעט אין יעדן ליד אַן אַנדערער, אָבער כמעט אומעטום זע־נען עס פסוקים; אויב נישט פון תנ"ך, איז — פון פיוט...

דו באַוויינסט נישט געפאַלענע קריגער,
דיך שרעקן נישט זיגערישע מאַרשן,
דו נעמסט־צו דעם רויב־זאַק פון זיגער
און זאָגסט צום געשלאָגענעם: ירשן!

(ז. 62)

דאָס וואָס איך האָב נאָר־וואָס גע־זאָגט, איז ריכטיק אפילו וועגן אַ טייל פון יענע לידער, וואָס געפינען זיך אין די לעצטע צוויי אָפּטיילונגען פון „פּליטים" — „דערקענסט מיך נישט" און „מיט דיין גוף אויף מיינע הענט" (די לעצטע סעריע לידער היי־ליקט דער פּאָעט זיין פרוי פרומע לי־בע קלעפּפיש־גראַדע, וואָס אין 1943 איז זי אומגעקומען על קידוש השם). כ'האָב געזאָגט „אפילו", ווייל בדרך כלל האָבן אַ סך פון די דאָזיקע לי־דער, וואָס זענען לידער פון טרויער און בענקשאַפט און שולד־געפיל — נישט קיין צו גרויסן אַלגעמיין־קינסט־לערישן ווערט: זיי זענען אָפט צו פערזענלעך, צו פּריוואַט־אינטים אָדער צו שטורמיש־עראָטיש פאַר טרויער און בענקשאַפט־ליריק. אָבער די בע־סערע, ד. ה. די מער אַלגעמיינע

צווישן אט די לירישע שאפונגען, ווי, צום ביישפיל: „רויטע רויזן" אדער „האסט פארשווירן זיך", — האבן גראדעס פריער דערמאנטע טבע — די טבע וואס איז געווען צו באמערקן שוין אין א טייל פון זיינע סאמע ערשטע לידער („יא") — די טבע צו ביבליזירן, — צו ביבליזירן נישט איינעם זינען פון עפעס א בכיוונדיקער און באוווסטזיניקער סטיליזאציע, נאר אין מער אינעווייניקסטן זינען. אבער אויך אט די אינעווייניקסטע ביבלישקייט האט צו טון נישט מיט איר „אינהאלט", נאר מער מיט איר נוסח, מיט איר בילדלעכקייט, וואס איז געווינלעך מער בילדלעכע פארגלייכעניש, ווי ביין פון דעם בילדס ביין און לייב פון זיין לייב. כדי חיים גראדעס פאעזיע זאל אין תוך זיין טראדיציאנעל, וואלט זי געדארפט זיין פרימער, צניעותדיקער. אבער ביי זיין גאנצער קולטורעלער פארווארצלטקייט איז גראדע א פאעט פון אן אויסגעווארצלטן דור, א פאעט, וואס וואגלט אויף פארוואקסענע וועגן אין א נאקעטער וועלט, — וואגלט צווישן חורבות, אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע: ווי קאן ער זיין פרום? ווי קומט צו אים צניעות?

זיין יידיש־טראדיציאנעלער שורש האט אים דאך אנגעפילט מיט שעפערישע זאפטן און זיי וועלן אים נאך פולער מאכן, ווען ער וועט, ווי א דיכטער, ווערן אינגאנצן רייף... אז מען לייענט די לידער, וואס ער האט געשריבן אין דער סאמע לעצטער צייט, — אזוינע רייפע און מעכטיקע לידער, ווי, א שטייגער, „די געטער פון די בערג" (אין מערץ נומער „צוקונפט") זעט מען, אז אין די יארן, ווען ער האט געשריבן „פליטים", — אין די יארן 1941 — 1945, האט ער זיין העכסטע מדרגה נאך ווייט נישט דערגרייכט... ער האלט ערשט אין רעכטן מיטן פון זיין וועג — בארג־ארויף.

**י. הירשהויט** שרייבט וועגן דעם יובל פון פופציק ביכער פון דער סעריע „דאס פוילישע יידנטום", („קיום", פאריז, דעצעמבער 1949):

מיר זיינען נישט אויסן אויסצוזינגען שבחים אויפן אדרעס פונעם פארלאג און פון זיין גרינדער און לייטער, דעם זייער גוט באקאנטן מארק טורקאוו. מיר האלטן אבער פאר נויטיק אונטערצושטרייכן דאס פאזיטיווע, וואס דער פארלאג האט דערגרייכט און זיין פארדינסט ביי דער יידישער געזעלשאפטלעכקייט.

לאמיר פארשטיין און ריכטיק אפשאצן אן עיקרדיקע פראגע. אין ארגענטינע עקזיסטירט נאך א יידיש פארלאג־וועזן, וואס שטיצט זיך אין א גרויסער מאס אויף געזונטע עקאנאמישע יסודות. דארט איז נאך דא א מעגלעכקייט פאר א יידישן פארלעגער צו מאכן א געשעפט ביי ארויסגעבן יידישע ביכער. וואס איז דער פארבאדינג פארן דערפאלג? מען מוז ארויסגעבן „גאנגבארע" זאכן. א לייכטע בעלעטריסטיק, סענסאציעס, מעשהלעך. אביסל גוטע ליטעראטור וועט אויך דורכגיין; אבער נישט קיין סך. וואלט דער

טורקאָוו־פאַרלאַג געגאַנגען אויף דעם דאָזיקן וועג, וואָלט ער היינט מיט זיינע פופציק ביכער געשטאַנען אויף פעסטע פינאַנציעלע יסודות. אָבער ער וואָלט פאַר דער יידישער געזעלשאַפט נישט געווען דאָס וואָס ער איז. דער טורקאָוו־פאַרלאַג האָט זיך שוין ביים סאַמע גרינדן געשטעלט געוויסע אידעאישע צילן. אים איז דער עיקר געגאַנגען אין שאַפן דעם ליטעראַרישן יסוד פאַר דעם פאַרפיקסירן די געשיכטע פונעם פוילישן יידנטום און פון זיין לעבנס־שטייגער אין אַלע עפּאָכעס פון זיין עקזיסטענץ, בפרט אָבער אין דער תקופה פון לעצטן חורבן. און פאַר אַזאַ שווערער ליטעראַטור איז אפילו אין דעם גוטן יידישן אַרגענטינע פאַראַן ווייניק בעלנים. און דער טורקאָוו־פאַרלאַג קעמפט כסדר מיט מאַטעריעלע שוועריקייטן, אָבער פון זיין גרונט־ליניע טרעט ער נישט אָפּ.

***

מיט אַ צייט צוריק האָב איך פון טורקאָוון באַקומען אַ בריוו, ווו ער האָט מיר געשילדערט די גרויסע שוועריקייטן, אויף וועלכע דער פאַרלאַג שטויסט זיך אָן ביי זיין אַרבעט. הגם דער בריוו טראָגט אַ ריין פערזענלעכן כאַראַקטער, זאָל מיר פריינט טורקאָוו מוחל זיין, אַז איך וועל דאָ ציטירן איין זאַץ פונעם דאָזיקן בריוו. „מען פאָדערט פון אונדז — שרייבט ער — מיר זאָלן אויפהערן צו דרוקן די ביכער פון חורבן. מען וויל זיי מער נישט לייענען, טענהט מען פון אַלע זייטן. איך האָב טאַקע מורא, אַז מיר וועלן בלייבן אָן מיטלען פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט. איך בין אָבער אַנטשלאָסן אָפּצושטעלן די אַרבעט, ווייל אָן דער חורבן־ליטעראַטור האָב איך אַבסאָלוט נישט קיין אינטערעס אין דער זאַך".

דעם דאָזיקן בריוו האָט טורקאָוו געשריבן, בעת דער פאַרלאַג האָט געהאַלטן ביים עטלעכע און דרייסיקסטן נומער. טורקאָוו האָט אין דעם זעלבן בריוו געשריבן, אַז ער וואָלט געוואָלט כאָטש דערציען ביזן פופציקסטן בוך און דערנאָך זאָל שוין זיין, וואָס עס וויל. מיר האַלטן שוין ב״ה ביים פופציקסטן בוך און אדרבא, דער פאַרלאַג האָט נישט אָפּגעווייכט פון זיין דרך. אין דער איינלאַדונג, וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעשיקט צו זיינע פריינט אין שייכות מיטן יובל פונעם פופציקסטן בוך, שטייט בפירוש, אַז זיי וועלן ווייטער פאָרזעצן די אַרבעט. איז דאָס טאַקע אַ סימן, אַז עס האַלט ביי אונדז נאָך נישט אַזוי שלעכט מיטן אַרויסגעבן ביכער פון אַן ערנסטן אינהאַלט. זאָל אונדז טאַקע דער דאָזיקער פאַקט אָנפילן מיט אָפּטימיזם און זאָל ער אונדז, שרייבער און קולטור־טוער, שטאַרקן אין אונדזער אַרבעט.

***

די פופציק אַרויסגעגעבענע ביכער קומען פון 46 אויטאָרן. אין דער אויטאָרן־רשימה באַגעגענען מיר דאָס רוב נעמען פון באַוווסטע יידישע שרייבער, וואָס האָבן שוין פון פריער אַ חשובן חלק אין דעם יידישן שאַפן. עס זענען אָבער אויך פאַראַן נעמען פון שרייבער אָנפאַנגער,

אָדער פון נישט־שרייבער, וואָס טראַכטן נישט וועגן אַריינטרעטן אין די רייען פון שעפער אויפן ליטעראַרישן געביט, נאָר זיי האָבן געהאַט עפּעס וויכטיקס צו דערציילן אין שייכות מיט דעם גרויסן חורבן. אַ טייל באַטראַכטן דעם פאַקט פון אַריינציען נישט־שרייבער ווי אַ חסרון פון דער גאַנצער ביכער־סעריע, ווי אַ דערנידערונג פונעם אַלגעמיינעם ניווא דורך דערלאָזן צו דער איינבירגערונג פונעם זשורנאַליסטישן רעפּאָרטאַזש אין אַ בוך־פאָרעם. אָבער איך ווייס, אַז דער פאַרלאַג האָט גאַנץ באַוווסטזיניק געדרוקט די פאַראַנענע כראָניק־ביכער. ער האָט עס געטון מיט אַ בולטער כוונה, אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז אויך דער זשורנאַליסטישער רעפּאָרטאַזש — אויב ער שטיצט זיך אויף אמת — האָט אַ גרויסע באַדייטונג ביים רעגיסטרירן היסטאָרישע פאַקטן און ביים ווידערגעבן אַ לעבנסשטייגער פון דער תקופה. קיינער באַשטרייט נישט די חשיבות פון גוטער ליטעראַטור און הויכער קונסט. אדרבא ואדרבא, אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" געפינען זיך אַזעלכע פּאָזיציעס, ווי: חיים גראַדע „פּליטים", רחל קאָרן „היים און היימלאָזיקייט". עס איז אויך פאַראַן דאָס בוך „מאַידאַנעק" פון מרדכי שטריגלער, וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און זיין צווייט בוך „פאַבריקן פון טויט", און אַ סך אַנדערע. נאָר קיינער קען אויך נישט אָפּלייקענען די באַדייטונג פון אַזעלכע ביכער, ווי פּרץ גראַנאַטשטיין „מיין חרוב שטעטעלע סאָקאָלאָוו", אָדער שמחה פּאָלאַקעוויטש „אַ טאָג אין טרעבלינקע". און אַזאַ בוך ווי יאָנאַס טורקאָווס „חורבן וואַרשע", וואָס האָט נישט קיין שום השגות צו זיין קונסט, איז עס ווייניק וויכטיק? עס איז דאָך אַן אומשעצבאַרער קוואַל פון ידיעות וועגן דעם וואַרשעווער אומקום, אַן אָביעקטיווע גבית עדות פון אַ מענטש און קינסטלער, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט (נישט בלויז פיזיש, נאָר אויך אינערלעך, גייסטיק) דעם גאַנצן שווידער פון גסיסה און טויט פון דער גרעסטער יידישער קהילה. אַזעלכע ביישפּילן קען מען ברענגען נאָך אַ סך און אַ סך.

ניין, אַ חסרון איז עס שוין זיכער נישט, וואָס כמעט אַ העלפט פון דער סעריע זענען ביכער פון דער חורבן־צייט. גיכער איז עס אַ באַווייז פון מוטיקייט און עקשנותדיקן אויסדויער. ווען עס וואָלט אפילו אַזוי געווען, אַז די חורבן־ביכער שטעלן מיט זיך פאָר נישט מער ווי אַן אוצר פון מאַטעריאַלן פאַר געשיכטע־פאָרשער (ווי מיר לייענען עס אָפט אין רעצענזיעס און אָפּהאַנדלונגען), וואָלט שוין דאָס אַליין געווען גענוג, כדי צו ריידן וועגן זייער אַרויסגעבן ווי וועגן אַ גרויסן אויפטו. אָבער אַזוי איז עס נאָך ווייט נישט, וואָרום די דאָזיקע ביכער אַליין — אפילו אָן דעם געשיכטע־פאָרשער — גיבן אַ בילד פון אַ טרויעריקער תקופה, זיי לייגן די יסודות פאַרן פאַרשטיין דעם פּסי־

באַלאַגישן הינטערגרונט פון אונדזער טראַגעדיע, זיי זענען אַן אָנקלאַגע קעגן דעם שלעכטן טייל פון דער מענטשהייט און זיי פאַרמאָגן אַ דערציערישע באַדייטונג פאַר יידן פון אַלע עקן וועלט. זיי מאָנען און זיי וואָרענען.

***

אַ פּיאָנערישע אַרבעט האָט דער אַרגענטינער פאַרלאַג אויסגעפירט דורך דעם אַרויסגעבן אַ ריי ביכער פון שרייבער־קדושים. אין דער דאָזיקער גרופּע וויל איך אויך אַריינרעכענען די ביכער א י ב ע ר שרייבער־קדושים. איך וויל דאָ דערמאָנען אַזעלכע ווערק ווי אלחנן צייטלינס „אין אַ ליטעראַרישער שטוב", וואָס דערמאָנט אונדז די שאַפונגען פון דער אומגעקומענער ליטעראַרישער משפחה פון ר' הלל צייטלין הי"ד, ווי דאָס בוך וועגן יצחק קאַצנעלסאָן, דעם העברעאיש־יידישן דיכטער, דעם מנהיג (וואָלט איך געזאָגט) פון דער לאָדזשער שרייבער־גרופּע, וואָס איז ווי אַ סאָלדאַט געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד, ברענגענדיק ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג דאָס וואָרט פון דערמוטיקונג פאַר זיינע ברידער, די מיטאַרעסטירטע פון וואַרשעווער געטאָ.

און דאַן די עצמדיקע ווערק פון שרייבער־קדושים: ד"ר מאיר באַלאַבאַן, יחיאל לערער, מ. בורשטין און די לעצטנס דערשינענע הונדערט פאָלקס־לידער (מיט נאָטן) פון מ. קיפּניס. דאָס אַלץ זענען פּאָזיציעס, וואָס דערווייזן די פּיאָנערישקייט פון דעם פאַרלאַג אויף דעם דאָזיקן געביט, ווייל אַנדערע פאַרלאַגן ווייזן נאָך לעת עתה אַרויס אַ קליינע איניציאַטיוו אין דער דאָזיקער ריכטונג.

***

און זאָל נישט בלייבן דער איינדרוק, אַז דער טורקאָוו־פאַרלאַג פאַרנעמט זיך בלויז מיט חורבן־פּראָבלעמען. אדרבא, זיין גרונט-אידיי איז דאָך דאָס פאַרפיקסירן דעם יידישן לעבנס־שטייגער אין פוילן אין אַלע געשיכטע־תקופות. אַ ריי אַרויסגעגעבענע ווערק זענען אַן אָנהויב פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער אידיי. לאָמיר דערמאָנען עטלעכע פון זיי. אויפן געביט פון געשיכטע: ד"ר מאיר באַלאַבאַן „די יידן־שטאָט לובלין", ד"ר יעקב שאַצקי „אין שאָטן פון עבר" א"א. אויפן געביט פון חסידות־פאָרשונג: דוד פלינקער „אַ הויז אויף גזשיבאָוו", מנשה אונגער „פּשיסכע און קאָצק" א. א. זכרונות וועגן אונדזער אַמאָל: אברהם טייטלבוים „וואַרשעווער הויף", לעאָ פינקלשטיין „מגילת פוילן", אברהם נחתומי „אין שאָטן פון עבר", נחום סאָקאָלאָוו „פּערזענלעכקייטן", א. אלמי „מאָמענטן פון אַ לעבן" א"א.

***

אויך איז דעם פאַרלאַג נישט פרעמד געבליבן די פּראָבלעמאַטיק פון דער שארית הפליטה. דער גורל פון די איבערגעבליבענע רעשטלעך פונעם פוילישן יידנטום איז נישט ווייניקער וויכטיק, ווי די פאַרגאַנגענע עפּאָכעס און זייער לעבנס־

שטיינער. אפשר איז ער וויכטיקער, ווייל ער האָט דאָך אַ שייכות צו לע־בעדיקע מענטשן און צו אַקטועלע געשעענישן. און אויף די דאָזיקע מענטשן שטיצט זיך די האָפענונג, אַז זיי וועלן ממשיך זיין די גאָל־דענע קייט פון אונדזער אַמאָל. אין אָט ליגט פאַר אונדז אַזאַ בוך ווי ישראל אפרת „היימלאָזע יידן", וואָס איז אין יענער צייט, ווען די טויערן פון ארץ ישראל זענען גע־שטאַנען פאַרמאַכט פאַר יידישע איינוואַנדערער, געווען דער ווייַ־געשריי פון הונדערטער טויזנטער געפּלאָגטע און פאַרשפּאַרטע אין נייע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן ש. איזבאַנס „אומלעגאַלע יידן שפּאַל־טן ימען", אַ בוך, וואָס האָט אין דער עקזאָדוס־צייט אַלאַרמירט די יידישע עפנטלעכקייט וועגן דעם גרויל פון דער העפלה.

און נאָך איין באַוואָרעניש. איך האָב דערמאָנט בלויז אַ קליינעם טייל פון ביכער, וואָס זענען דער־שינען אין דער סעריע. אָבער דאָס מיינט נישט, אַז די דערמאָנטע ביכער שאַץ איך אָפּ העכער פון די נישט־דערמאָנטע. אויב איך האָב זיך באַנוצט מיט נעמען פון ביכער, האָב איך עס געטון בלויז אויף אַזוי־פיל, אויף וויפיל זיי זענען מיר נוי־טיק געווען, כדי צו באַגרינדן מיינע אויספירונגען.

דאָך אָבער האַלט איך פאַר נוי־טיק אָפּצושטעלן זיך ברייטער אויף צוויי ביכער, וואָס געהערן צו די לעצטנס אַרויסגעגעבענע. דאָס איז די פאָלקסלידער־זאַמלונג פון מ. קיפּניס און דאָס לעצטע בוך פון ז. סעגאַלאָוויטש „מיינע זיבן יאָר אין תל-אביב", אַ בוך וואָס האָט דערזען די טאָג-ליכט שוין נאָך דעם טויט פון מחבר. די דאָזיקע צוויי אינטע־רעסאַנטע ווערק אילוסטרירן בולט די פאַראינטערעסירונג־ספּערע פון נעם פאַרלאַג און פון זיינע אָנפי־רער.

***

ווער פון די פּוילישע יידן גע־דענקט נישט די צייטן פון פאַר דער לעצטער וועלט-מלחמה, ווען מען האָט אין וואַרשע און אויף דער פּוי־לישער פּראָווינץ מיט אומגעדולד געוואַרט פון פרייטיק ביז פרייטיק, כדי צו באַקומען אין האַנט אַ פרישן שבתדיקן נומער פון „היינט". שבת אין די קלויזן און בתי מדרשים פלעגן יידן זיצן ביים דאַווענען און צווישן איין תפילה און דער צוויי־טער פלעגן זיי אויסשפּרייטן איבער די בענק די רחבותדיקע צייטונג־בלאַכטעס און לייענען די פיינע הו־מאָרעסקעס און פעליעטאָנען פון מנחם קיפּנים. דער עולם פלעגט אויך הנאה האָבן פון קיפּניסעס אַר־טיקלען וועגן חזנים, פון זיינע הו־מאָרעסקעס און פון זיינע פאָלקס-לידער, וועלכע ער האָט צוזאַמען מיט זיין פרוי זמרה זעליגפעלד גע־זונגען אויף צאָלרייכע קאָנצערטן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן.

קיפּנים איז געווען אַ ליידנשאַפט־לעכער זאַמלער פון פאָלקלאָר און

ספּעציעל פון פאָלקס־לידער. ער האָט שוין געהאַט אָנגעזאַמלט אַ גרויסן אוצר פון זיי און ער האָט עס געגרייט צום דרוק. איז אָבער אויסגעבראָכן די וויסטע מלחמה און צוזאַמען מיט קיפּניסן און זיין פרוי זענען אומגעקומען זיינע געזאַמלטע פאָלקס־לידער. אָפּגעראַטעוועט זענען געבליבן בלויז הונדערט דרייסיק לידער. דאָס זענען די, וועלכע קיפּניס האָט אַרויסגעגעבן פאַר דער מלחמה. פון די דאָזיקע זאַמלונגען האָט איצט דער טורקאָוו־פאַרלאַג צוזאַמענגעשטעלט די נייע אויפלאַגע פון הונדערט פאָלקס־לידער. איר טרעפט דאָרט אַ סך גוט באַקאַנטע לידער, נאָר אויך אַ סך ווייניק באַקאַנטע אָדער פאַרגעסענע.

„מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב" איז דאָס לעצטע בוך פון ז. סעגאַלאָוויטש, וועמענס האַרץ איז אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך דעם חרוב געוואָרענעם פּוילישן יידנטום. ביי סעגאַלאָוויטשן לאָזט זיך באַמערקן דאָס גרויסע וואונדער, וואָס ארץ־ישראל האָט געבראַכט פאַר אונדזער דור. אַט דער פאַרביסענער יידישיסט, וואָס האָט געוויס קיינמאָל נישט געהערט צו די אָנהענגער פון דעם ארץ־ישראל־אויפבוי, האָט אין זיין לעצטן ליד אויסגעזונגען דעם העכסטן שבח און אויסגעדריקט זיין טיף־מענטשלעכע ליבע צום יידישן לאַנד.

סעגאַלאָוויטשן האָט דער גורל געפירט פון ארץ־ישראל קיין אַמעריקע און דאָרט האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. אָבער מיט זיין גאַנצער נשמה האָט סעגאַלאָוויטש געלעכצט נאָך ארץ־ישראל, ווו ער האָט שוין געוואָלט דורכלעבן זיינע לעצטע יאָרן. דערציילט ב. שעפנער אין זיין הקדמה צום בוך, אַז עטלעכע טעג פאַרן אומדערהאָפטן טויט האָט ער באַגעגנט סעגאַלאָוויטשן, וועלכער האָט דערציילט וועגן פּלענער פאַר דער צוקונפט. „ער האָט זיך אויף קיין שום קראַנקייט נישט באַקלאָגט — שרייבט שעפנער — ער האָט זיך נאָר באַקלאָגט אויף איינזאַמקייט. האָט ער דערפאַר מיט אַ באַזונדערער לעבהאַפטיקייט גערעדט וועגן אַהיימפאָרן קיין תל־אביב". אין עטלעכע חדשים אַרום האָט דאָס געזאָלט געשען, באַלד נאָך דעם, ווי עס האָבן געזאָלט אין אַמעריקע פאַרענדיקט ווערן די פייערונגען פון סעגאַלאָוויטשעס פינף און זעכציק יאָריקן יובילעאום. אָבער אים איז נישט באַשערט געווען צו דערלעבן נישט די פייערונגען און נישט דאָס אַהיימפאָרן. זיין געביין איז געבליבן אויפן ניו־יאָרקער בית־עלמין. נאָר זיין לעצטער בוך „מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב" בלייבט פאַר אונדז אויף אייביק, ווי אַ הימן לכבוד סעגאַלאָוויטשעס און אונדזער אַלעמענס היים.

⁂

אַט אַזוי פירט אויס דער פאַרלאַג זיין שליחות פון אויפשטעלן אַ דענקמאָל דעם פאַרפייניקטן פּוילישן יידנטום. צום פאַרווירקלעכן פונעם ציל, וועלכן דער פאַרלאַג האָט זיך געשטעלט, איז נאָך זייער ווייט. מיט די פופציק ביכער איז ערשט געמאַכט געוואָרן אַ גוטער אָנהייב.